№ 9.

צווייטער יאהרגאנג

יודישע

# פאלקס-צייטונג.

25 Februar 1903.

פערלאג „פאלקס-בילדונג“ ווארשא.

כ"ח שבט תרס"ג.



## 1903 אבאנעמענט אויף דעם נייעם יאהר 1903

אויף דעם נייעם יאהר געפינט זיך אין דעם פארטפעל פון אונזער רעדאקציע פיעל ארטיקלען פאר אלע אבטהיילונגען פון אונזערע שטענדיגע מיטארבייטער:

י. דינעזאהן; ד"ר ח. ד. הורוויץ; ד"ר י. ליאקומאוויטש; מ. ספעקטאר; ד. פינסקי און שלום עליכם.

אויף דעם נייעם יאהר גיט די „פאלקס-צייטונג“ איהרע יעהרליכע אבאנענטען א פרעמיע:

**אלע ווערק פון שלום עליכם** — מיט דעם בילד און ביאגראפיע פון מחבר — **4 בענדער**

**פאר 1 רובל מיט פארטא.**

די אלע ווערק פון שלום עליכם זענען איבערגעקוקט און אויסגעבעסערט פון מחבר, דרוקען זיך מיט נייע שריפט, מיט נקודות און אויף גוט פאפיער.

אבאנאמענטס-פרייז און אדרעסע געפינט זיך אין אנהויב פון יעדען נומער.

## ניי'עס!
**פראקטיש און ביליג!**

**טאשען-קאסעס** (½ לויט וואג) אין ניקעל און פלאטינ, זעהר פראקטיש שפארזאם קאססעס אנצוזאמלען זיך א סוממע, דורך אריין לעגען אין קאסעלע יעדען טאג א 10 קאפעקען שטיק, פון וועלכען מען קאן נישט ארויס נעהמען ביז עס קלייבט זיך אן א רובעל.

דאס קאסעלע איז זעהר ניצליך פיר פרויען און קינדער און איבערהויפט פיר אינקאסא און אסעקוראנץ אגענטען איבער צו געבען עס די קונדען גראטיס. אלס פראבע שיקען מיר אויך ארויס 1 דוצענד.

אגענטען מיט גוטע בעדינגונגען ווערען געזוכט.

— פאטענט № 19401 —

אדרעסע: (151) 3—9

**В. Тененбаумъ**
Варшава, Гусья 27, кв. 37.

## לערנט

**יודיש-שרייבען** דורך די נייע קאליגראפישע מעטאדע כתב בית ישראל פון א. סופר אין 4 טהיילע. פרייז פון יעדען טהייל 7 קאפ׳.

**לשון-קדש** דורך פאלגענדע מעטאדען: הוילעהרער פון הנ"ץ, — 24 חוברות צו 10 קאפ׳. המנהל פון ע. בלאשטיין 75 ק׳ מיט׳ן שליסעל; בית ספר השלם פון טעמקין ח"א 50 ק׳, ח"ב 60 ק׳, ח"ג 90 ק׳; המחנך השלם 80 קאפ׳; חנוך הילדים 60 קאפ׳; המורה ג. גארדאן 65 ק׳.

**רוססיש:** הוילעהרער הנ"ץ 21 חוברות צו 10 ק׳; גראממאטיק בלאשטיינ׳ס 45 קאפ׳; פראקטישע אללענדארפ׳ס מעטאדע פון צאצקין 3 טהייל 1.50 ר׳; רוסיש-יודישעס ווערטערבוך פון דרייזין 1 40 רו"כ.

**פאלניש:** הוילעהרער פון הנ"ץ — 12 העפטען צו 10 ק׳.

**דייטש:** סלאנימסקי׳ס מעטאדע 75 קאפ׳; הוילעהרער פון הנ"ץ צו 10 ק׳.

**פראנצויזיש:** סלאנימסקי׳ס מעטאדע 75 קאפ׳; מעטאדע פון עליאנאוויץ 50 ק׳

**ענגליש:** פראקטישע מעטאדע פון נ. סאקאלאוו 30 קאפ׳; סלאנימסקי׳ס 75 ק׳.

**שפאניש:** מעטאדע פון א. סטארשעווסקי 60 ק׳; סלאנימסקי׳ס 20 ק׳.

**בוכהאלטונג:** י. לעווין׳ס פראקטישער בוכהאלטער 1 60 רו"ב

**פידעל שפיעלען:** הערמאנן שטופט׳ס וויאלין-מעטאדע, 2 טהייל צו 75 ק׳.

**געזונד בעהיטען:** ד"ר מ׳ גאטליב׳ס ביכער „זייט געזונד" 1) די ערשטע הילף 25 ק׳. 2) שווינדזוכט 25 ק׳. 3) מאגענקראנקהייטען 40 ק׳ 4) מעננערקראנקהייטען 40 ק׳ 5) נערוועןקראנקהייטען 15 ק׳.

די אלע מעטאדען זיינען אויף פראסט יודיש (זשארגאן) ערקלערט.

**פיר פארטא דארף מען צולייגען 10% פון פרייז.** 163 2—1

Книжн. магаз. А. ЦУКЕРМАНЪ
Варшава, Налевки 7.

## ד"ר מ. קעניגשטיין
**ווארשא, גראניטשנא № 6**

בעהאנדעלט האלז-, אויערען- און נאזען-קראנקהייטען ביז 10 אין דער פריה און 4 - 6 נאכמיטאג. אין דער הייל-אנשטאלט דזיקא 26 פון 2 ביז 3. (96) 50—15

עס איז ארויס פון דרוק:

## ערצעהלונגען און בילדער
פון אברהם רייזען

פערלאג „פראגרעס", ווארשא

**פרייז 25 קאפ׳ מיט פארטא**

אין זעלבען פערלאג פון זעלבען אויטאר איז ארויס א צווייטע פערבעסערטע אויפלאגע:

**צייט לידער** פרייז 20 קאפ׳ מיט פארטא

די ביידע ווערק געבונדען צוזאמען אין איין פראכטפאלען באנד

**פרייז 75 ק׳ מיט פארטא.**

1—3 צו בעציהען לויט אדרעס: 161

Книжный магазинъ Я. Лидскаго
Налевки 38, Варшава.

## הוצאת „ישרון".

**בימ"ס „ישרון"** מלא וגדוש בכל הספרים החדשים שיצאו לאור מכל בתי הדפוס העברים וגם ספרים עתיקים יקרי הערך והמציאות, קונה ומוכר ספרים וביבליוטיקות גדולות מכל מיני ספרים עברים נכנס לרשות הוצאת „ישרון"

**אלבום ארץ ישראל והמושבות**

מאת ש. ראפאלאוויץ וזקס. פנין יקר כזה לא היה עוד בספרותנו.

שבעים וחמש ציורים ממראות הארץ וממקומות הקדושים ומהמושבות אחינו בארה"ק. ותולדות המושבות וראשית ההיסדותן.

כתוב הוא עברית ואשכנזית.

האלבום הזה ראוי הוא להיות בכל בית ישראל לנוי ולקשוט.

מחירו 3 רו"כ, בכריכה יפה 3 75 עם פורטה. למו"ס ואגדות ציוניות הנחה הגונה.

Книгоиз. „Іешурунъ", Вильна
Verlag „Ieschurun" Wilno Russland
25— (45)

**וויר מאכען אויפמערקזאם**
אויף דען פריוואט **כירורגישען שפיטאל** פון ד"ר **בארעל** ווארשא מוראנאווסקא 14, אלע אפעראציאנען ווערדען דורכגעפיהרט פאן ד"ר בארעל. אנגענוממען ווערדען חירורגישע קראנקע יעדען טאג פון 2-10 **פריוואט וואהנונג** דזיקא 3 פון 9—10 אונד 7—4.
(38) 26—13

עס איז ערשינען א זאמלונג בילדער און ערצעהלונגען פון

## שלום אש
אונטער דעם נאמען:

**אין א שלעכטע צייט**

פרייז 40 קאפ

הויפט פערקויף ביי ה׳ לודסקי (פערלאג „פראגרעס") נאלעווקי 38 „הצפירה", „תושיה" און „אחיאסף" 157

חוברות בודדות מן

## מלון של כיס
מעברית לרוסית ואשכנזית

מאת י. גרזובסקי וד"ר י. קלוזנר

תמצאינה להמכר רק עד ר"ח אייר

ואח"כ ימכר רק המלון כלו.

אלה שקנו חוברות בודדות מהמלון ימהרו לרכוש להם את החוברות החסרות להם בעוד מועד. (143)

## פרייליינען און דאמען
קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זשארגאן, רוסיש און דייטש. די מעטאדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען. אויף תשובה א מארקע. ניט זאמט און פרעגט אן ביי:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.
(25) 52—25

## נור מיט עטליכע רובל
קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ׳ן ארט א גוטע פרנסה איינפיהרען. אבריפ־ליכע ערקלערונג חנם לכל דורש.

Я Найдичъ, Варшава.

## י. שעקמאן, ווארשא.
**פאבריק פון זילבער 84 פראבע**
(128) עט פלאטעע-וואארען. 8—50




## חירורגיש-ארטאפעדישע אנשטאלט
פון **ד"ר רייכשטיין**

נעהמט אן צו חירורגישע בעהאנדלונג אויסגעקרימטע שדרות און פים; געלענק- און מוסקעל-קראנקהייטען, ווי אויך צו מאססאזש, פון 4 ביז 6 אוהר. אין דער ארטאפעדישען ווערקשטאט ביי דער אנשטאלט ווערדען פערפערטיגט דורך ספעציאליסטען: קארסעטען, אפאראטען צו האנדע און פיסע (שיענען-הילזענאפאראטע העססינג) קינסטליכע פיסע, ארעדליי רופטורבאנד, און בויך-גארטעל א. ז. וו.

(131) 31 **לעשנא** 31 10—8

## טובים לתשורות ומשלוח מנות!

1) **עולם קטן**, עתון מצויר לבני הנעורים, מהדורא ראשונה (65 חוברות) בחמשה כרכים מכ׳ הדר כל כרך במחיר 1.50 רו"כ כל חמשת הכרכים ביחד 6 רובל.

2) **לוח עולם קטן**, קובץ ספרותי ושמושי לבני הנעורים, עם תמונות וציורים, מכ׳ הדר מחירו 1 רובל, להותמי „עולם קטן" 75 קאפ׳.

3) **ספרים שונים** מכורכים הדר מכל המחלקות שבהוצאת „תושיה" תמונות וציורים, מכשירי הלמוד, אגרות גלויות מצוירות ואלבומים שונים, במחירים שונים.

**פרוספקט מפורט ע"ז נשלח חנם לכל דורש!**

Издательство „Тушія" Варшава.
Verlag »Tuschijah« Warschau.

בע"פ: נובלופקי 7, מעון 9. 166 3—1

# РОССІЙСК. О-ВО ТРАНСПОРТОВЪ
## בעקאנטמאכונג!

די פיליע פון דער **רוסישער אגענטור געזעלשאפט צום טראנספארטירען און איבערשיקען אלערליי סחורות און זאכען פאר אויפ׳ן ים פאר אויף דער יבשה** אין ווארשא (מיאדאווא Nr. 5) אויך אלע אנדערע פיליעס אין רוסלאנד, נעמען אן צום איבערטראגען און איבערשיקען אלע סארטען סחורות, קליידער, מעבעל און אלערליי אנדערע זאכען, פינקטליך פון ווארשא אין אלע שטעדט אין אמעריקא און אפריקא. די געזעלשאפט [illegible] אב אליין די זאכען פון קאנטאר, וואו עס ווערט צוגעשיקט און שטעלט עס צו דעם, וואס דארף דאס אבנעמען. — בעצאהלען פאר דאס צושטעלען דארף מען וואו מען נעמט אב די זאכען.

די געזעלשאפט נעמט זיך אויך אונטער **איינצוקאסירען נאכנאמעס** פון די וואס בעקומען די זאכען אין די ערטער וואו זיי זענען.

אונזער קאנטאר אין **ניו-יארק** איז אין דער **בראד סטריעט 120**, דארט ווערט גערעדט אויף אלע לשונות וואס מען רעדט אין רוסלאנד.

די גענויעסטע נאכריכטען און אלע אנדערע תנאים וועט ערקלערט יעדען אין אונזער קאנטאר (מיאדאווא 15) אין ווארשא פון 9 ביז 3 דעם וויגער בייטאג און פון 5—8 אבענד, א חוץ קריסטליכע ימים טובים.

(156) דער פעראנטווארטליכער פון דער רוסישער אגענטור אין ווארשא **א. ב. אבקין.** 4—3

Nr. 9. | Jüdische Volks-Zeitung | צווייטער יאהרגאנג.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר׳ אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל אונ דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 16 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

# יודישע
# פאלקס־צייטונג

א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“:
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן אונ אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק.
האלב־יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעל־יעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

25 Februar 1903. | Nr. 9. | כ״ח שבט תרס״ג.



## דאס ארימקייט אין גאליציע.

די פוילישע לענדער זענען אמאל געוועזען, ווי היינט אמעריקא, איין ערי־מקלט פאר אלע גערודפ׳טע יודען פון דער גאנצער וועלט. די פאליאקען האבען זיי פריינדליך אויפגענומען, ווייל זיי האבען פאר די יודישע קאנקורענץ ניט קיין מורא געהאט, אדרבא, די יודען האבען זיי גענוצט, זיי האבען צו זיי געבראכט די קולטור פון מערב־אייראפא, האבען זיי געשאפט די סחורות אונ די פראדוקטען, וואס די פוילישע לענדער זענען אין זיי ארים. ביי די יודען האבען זיי אויך בעקומען דאס קאפיטאל, דאס מזומנ׳ע געלד, וואס האט די פאליאקען געפעהלט, אונ בעת וואס אין מערב־אייראפא זענען די יודען געווען איבריג אונ האבען נאר זייערע שכנים געשטערט, זענען די יודען אין מזרח, אין פוילען, געווען ניצליכע אונ געשעצטע בעלי־בתים, וואס מען האט זיי גערן געזעהען, אונ עס איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואס הונדערטער יאהרען האבען זיך די געפייניגטע יודען, וואס האבען אין ערגיץ קיין ארט ניט געפונען, אלץ זיך געצויגען קיין פוילען. פאמעליך פאמעליך האבען זיך אין די פוילישע לענדער פארזאמעלט דאס רוב יודען פון דער וועלט.

אבער וואו מען לייגט א קראנקען איז איהם נישט גוט. די גוטע צייט פאר יודען אין פוילען האט נישט לאנג געדויערט. די יודען אין גאליציע געהערען היינט צו די אומגליקליכסטע יודען אויף דער וועלט. אמת, מען טרייבט זיי נישט ארויס, מען דערקוטשעט זיי נישט פון אויבען, עס זענען דא נישט פארהאן קיין בעזונדערע געזעצע פאר זיי, די געזעצע פון עסטרייך מאכען נישט קיין שום חלוק צווישען יודען אונ נישט יודען, מיט דעם פאלק לעבען זיי צום מייסטען אין פרידען אונ פערקעהרען מיט זיי גאר ברידערליך. אונ פונדעסטוועגען איז זיי שלעכט, זעהר שלעכט, אין עקאנאמישער בעציהונג. די יודישע פרנסות לאזען זיך אויס, דאס רוב יודען דא זענען געקומען אויפ׳ן בעטעל־שטאב.

אין די הונדערט יאהר, וואס זענען אוועקגעגאנגען זייט גאליציע געהער צו עסטרייך, איז שוין כמעט גאר נישט צו דערקענען, אז גאליציע אונ פוילען זענען אמאל געווען איין מדינה, מיט דעמזעלבען פאלק אונ מיט דיזעלבע פערהעלטניסע. רוסיש־פוילען האט זיך ענטוויקעלט אלס איינע פון די וויכטיגסטע לענדער פון דעם גרויסען רוסלאנד, עס האבען זיך אויסגעבילדעט אינדוסטריע אונ א געוואלדיגער האנדעל אונ פערקעהר. ארימע לייט האבען ארבייט אונ סוחרים האבען געשעפטען; עס רודערט זיך. אונ גאליציע איז געבליבען אין עסטרייך אזוי ווי עס איז געווען אין דער צייט פון דער פוילישער מלוכה. עסטרייך האלט עס גאר פאר איין „אבזאצגעביעט“, דאס הייסט, די רייכע לענדער שיקען אהער זייערע סחורות אונ פראדוקטען, זיי דא צו פארקויפען פאר מזומן געלד אונ גאליציע האט זיי כמעט נישט וואס צו שיקען. דעריבער געהט דאס גאליצישע קאפיטאל ביסלעך־ווייז ארויס אויס דעם לאנד אונ דאס לאנד ווערד וואס אמאל ארימער אונ ארימער. די אבצאהלונגען אבער זענען אין דעם ארימען לאנד אזוי הויך ווי אין די עסטרייכישע לענדער אונ דאדורך זענען לעבענס־מיטעל, קליידער, דירות אונ אנדערע בעדארפס־ארטיקעל דא אזוי טייער ווי אין גאנץ עסטרייך; דאס קאפיטאל אבער, דאס געלד, איז אין דעם דאזיגען לאנד טייערער אונ זעלטענער ווי אין אנדערע עסטרייכישע לענדער, ווייל די הכנסות זענען קנאפ אונ עס איז קיין פארדיענסט נישט דא. דעריבער הערשט דא איין ארימקייט, וואס מען איז גאר ניט אימשטאנד צו בעשרייבען. די גוטסבעזיצער פארליערען זייער פארמעגען — די באנקען, וועלכען זיי זענען געלד שולדיג, נעהמען צו

זייערע גיטער. די סוחרים ווערען אן זייער קאפיטאל, ווארום זיי קענען נישט אויסהאלטען פון די גרויסע קאנקורענץ, יעדער שטאדט-בעוואהנער נעמט זיך צום האנדעל, ווייל עפּיס אנדערש איז נישט פאראהאן פון וואס צו לעבען. עס איז שוין דא מעהר סוחרים ווי קונים. די דארפסבעוואהנער, די פויערען, וואס נאר פון זיי האבען די סוחרים אין דער שטאדט תמיד געלעבט, קויפען שוין נישט אין שטאדט, ווארום זיי האבען „קאנסום-פעראיינע", וואס פערזארגען זיי אין דארף גופא מיט אלע סחורות, וואס זיי בעדארפען. און די סוחרים עסען אויף איינער דעם אנדערען.

פון די דאזיגע פערהעלטניסע ליידען אבער נאר די יודען. אז די גוטסבעזיצער ווערען ארים, בעקומען זיי שטעלונגען דורך פּראטעקציע ביי דער רעגירונג אין וויען אדער אין גאליציע. אז די פויערען ווערען ארים דאבען זיי נאך ארבייט ביי די גוטסבעזיצער, אין די וועלדער, ביי די באהנען, ביי די שטראסען אדער זיי געהען קיין פּרייסען ארבייטען אין פעלד און דעסגלייכען. די פוילישע אינטעליגענץ, די שטודירטע, זענען אנגעשטעלט ביי דער רעגירונג, ביים מיליטער און און ביי די געמיינדען. נאר די יודען האבען נישט קיין שום עצה, ווי אזוי זיך צו העלפען פון דער ביטערער ארימקייט. צו רעגירונגס-שטעלען לאזט מען די יודישע אינטעליגענץ נישט צו, און נישט אויס שנאה, נאר אויס ברויט-קנאה. די רעגירונג ווייסט גאנץ גוט, אז די יודען זענען פעהיגער און אינטעליגענטער ווי די נישט-יודען און ווען מען זאל די יודען איבעראל צולאזען, וואלטען מיט דער צייט געווען די גרעסטע עמטער אין יודישע הענד. די נישט-געבילדעטע יודען קענען קיין ארבייטער נישט זיין, ווייל ביי די מייסטען ארבייטען מוז מען מחלל שבת זיין. אויך זענען די מייסטען ארימע-לייט ביי יודען קינדער פון מיוחסים, פון אנגעזעהענע בעלי-בתים אדער למדנים און האלטען עס פאר א בזיון שווערע פּראסטע ארבייטען צו טון. אזוי בלייבען די יודען אין גאליציע אהן בעשעפטיגונג און אהן ברויט. פון די 90,000 יודען, וואס וואהנען אין גאליציע, זענען איין דריטעל בעטלער, וואס לעבען פון נדבות, איין דריטעל מוטשען זיך נאך דערווייל מיט זייערע „געשעפטלעך" אהן פארדיענסט און אהן קאפיטאל, ביז מען וועט זיי שוין נישט מעהר בארגען און מען וועט זיי נישט געבען קיין סחורה אויף קרעדיט. דעמאלט וועלען זיי אויך מיזען אויפשטעלען די האנד און בעטען נדבות — אז זיי וועלען נישט קלוגער ווערען פריהער אויס-צוואנדערען, ווען דער גרייצער איז נאך דא — עס וועט אבער נישט זיין ווער צו געבען, ווייל זיי אליין זענען טאקי היינט די געבערס, ווי מיר וועלען ווייטער זעהען.

אין עסטרייך איז דא א געזעץ, אז מען טאר נישט בעטלען, דאס בעטלען, דאס בעטען נדבות, ווערד אין עסטרייך אזוי בעשטראפט ווי א גנבה. אין גאליציע, וואס שטעהט אונטער די זעלבע געזעצע ווי גאנץ עסטרייך, איז אבער נישט מעגליך דאס דאזיגע געזעץ צו היטען, ווייל—עס איז נישט דא אזוי פיעל געפענגנים-הייזער, וואו אלע בעטלער אריין צו זעצען. די רעגירונג קוקט דורך די פינגער, ווי די גאסען פון אלע שטעדט מיט אלע שטראסען זענען פול מיט יודישע אורחי-פורחי, די טירען פון די געוועלבען און פון די שטובען מאכען זיך קיין מאל נישט צו. ווער עס גיט נאר נדבות ווערד דעם גאנצען טאג גע-שטערט פון די געמיינע-לייט, וואס איבערפאלען די געשעפטען ווי א היישרעק. דאס רוב געבערס געבען אבער נישט ווייל זיי קענען געבען אדער אויס רחמנות, נאר ווייל זיי האבען מורא, אז זיי וועלען אויפ-הערען צו געבען וועט מען אנהייבען צו מורמלען אויף זיי, אז זיי שטעהען שלעכט און זיי וועלען פארליערען דעם קרעדיט. די ווירקליך רייכע יודען וואס פרעגען נישט נאך קיינעם, ווייל זיי זענען פון קיינעם נישט אבהענגיג, פארשליסען די טיר פאר די ארימע-לייט און עס איז גאר קיין חדוש נישט, ווייל אז מען קוקט דעם דלות צו פיעל אין פּנים אריין, ווערד דאס הארץ הארט און פארליערט דאס געפיהל פון רחמנות. דאס איז טאקי די סבה, וואס דאס ביסל רייכע יודען אין גאליציע ווילען גאר נישט טון פאר זייערע ברידער און עס פאלט זיי גאר נישט איין צו זוכען עפּיס א מיטעל צו פערבעסערן זייער לאגע. דאס רוב

# פעליעטאָן.

## צעזייעט און צעשפּרייט.

### בילדער פונ'ם יודישען לעבען.

אין דריי אקטען

פון

### שלום-עליכם.

(פארטזעצונג).

### דריטער אקט.

(די זעלבע דעקאראציע וואס אין ערשטען אקט. — מאיר טראגט א חאלאט און שטעקשוך, אויפ'ן קאפּ א קיילעכיגע יא-מעלקע. — מלכה אין א פאריק און אין ברילען זיצט איבער א גראבען קרבן-מנחה און דא-ווענט שטילערהייד, נאר מיט א פרום פּנים, מישט איין בלעטל נאכ'ן אנדערען).

#### I-טע סצענע

(מאיר און מלכה).

מאיר. (נעהט ארום איבער'ן שטוב אין כעס) יא, פיין, פיין!... האסט זיך שען אויסגעפיינט, מאיר שאלאנט, שען! די טאכטער אנט-לאפען — און מיט וועמען? מיט עפּיס א שאלטיק, א דער רוח ווייסט וואס... אזא חרפּה! אזא בזיון! (שטעלט זיך אפּ א ווייל) און ווער איז שולדיג אז נישט דו?

מלכה. (דאווענט) איך?

מאיר. ווער דען? איך? פארשטעהסט זיך דו!

מלכה. (דאווענט) נו לאז זיין איך.

מאיר. ואג אפשר אז ניין? דו ביזט דאך די מאמע!

מלכה. (דאווענט) נו, יא, איך בין די מאמע...

מאיר. ווער דארף אכטונג געבען אויף קינדער, אז נישט די מאמע? א מאמע דארף וויסען וואס ביי איהרע קינדער טהוט זיך אלסדינג! אלסדינג בעדארף זי וויסען! (שרייט אלע מאל העכער).

מלכה. ביזט גערעכט, גערעכט; נאר וואס דען? אהן געשריי: דאס אייגענע טאקי, נאר אביסעלע שטילער... „נעחיי לעבא טעחא" — לאז חאטש דערווייליע זיין דער אומגליק בסוד...

מאיר. א סוד פאר גאנץ בראד!... א שענער סוד!... אזא בזיון!... וואס וועלען די שונאים זאגען? שען האט מען

נדבות געהען ארוים פון די מיטעלע בעלי־בתים, וואס קענען באמת נישט געבען. א יודישען בעל־הבית געהט אפט אוועק אויף צדקה כמעט אזוי פיעל ווי פיעל ער ברויך אליין אויף פרנסה.

אינדוסטריע, פאבריקען, איז אין גאליציע כמעט גאר נישט דא, חאטש פון דער נאטור איז דאס לאנד, ווי קיין איינציגע געגענד אין פוילען, געבענשט מיט פארשידענע רויה־פראדוקטען, וואס בעטען זיך מען זאל זיי אויסארבייטען. אויך האט דאס לאנד גוטע שטראסען, באהנען און אויך שיפבארע פליסע. ארבייטער וואלטען דא געווען זעהר בילינ, — עס איז אבער נישט דא קיינער אינדוסטריעלע ארבייט צו אונטערנעמען. דאס רוב רייכע פאליאקען זענען גוטסבעזיצער און האבען נישט קיין קאפיטאל און די עטליכע זעהר רייכע שלאכציצען־משפחות, וואס האבען יא געלד, זענען אבער זעהר קאנזערוואטיוו־האלטען פעסט אן אלטע מנהגים און דאס מאכט זיי פויל, זיי קענען זיך נישט ענטשליסען עוסק צו זיין אין געשעפטען, וואס זיי האבען נישט געזעהען ביי זייערע עלטערן. אויך האבען זיי מורא, אז זיי וועלען גרינדען פאבריקען, וועלען טייערער ווערען פעלד־ארבייטער, וואס זיי ברויכען אזוי נייטיג.

די פאליאקען זענען אויך פון דער נאטור א פאלק, וואס האבען נישט ליב צו זארגען אויף מארגען. זיי זענען פול בטחון אויף שפעטער און זיי נעמען זיך ניט צום הארץ וואס זיי און זייער לאנד ווערען וואס א טאג ארימער. זיי זענען צו פיעל אפטימיסטען, ווייסען ניט וואס מען מיינט זארגען אויף שפעטער. פיעלע פארשווענדען זייער פארמעגען אין אויסלאנד ביי תענוגים און ספארט און עס געהט זיי נישט אן, אז אנדער געלד וועט זיי נישט צוקומען.

די יודען נעמען אן אין יעדעם לאנד, ווי מיר ווייסען, די מנהגים און דעם חאראקטער פון זייערע שכנים. עס איז אין גאליציע נישט אנדערש. אזוי לעבען די גאליצישע יודען אויך מיט בטחון. אבער עס איז נישט דער מאראלישער בטחון, וואס שטעהט אין די מוסר־ספרים, — עס איז דער בטחון, וואס זיי האבען איהם געיריש'עט פון די פאליאקען. עס איז נאר פוילקייט, אינדאלענץ, זיי לעבען אין דער וועלט אריין, פארלאזען זיך אויף נסים. צי פארלאזען זיי זיך אויף גאט, צי אויף רבי'ס, וואס זענען דא אין יעדעם שטעדטל — אלץ איינס, זיי ווייסען אליין נישט פון וועמען זיי דערווארטען א ישועה. צו האבען בטחון איז זייער שיין און נוצליך. אבער ביי דעם בטחון גאר נישט צו טון און זיך צו פארלאזען בלוים אויף נסים, איז א פערברעכען, דאס הייסט געפרובט גאט — דאס פארשטייהען די גאליצישע יודען נישט, און עס פאלט זיי גאר נישט איין צו זוכען א מיטעל, בעסער צו מאכען זייער לאגע אדער לכל הפחות די לאגע פון זייערע קינדער, וועלכע זיי מאכען חתונה זעהר יונג, איידער זיי האבען פאר זיי געזארגט, זיי זאלען קענען א ווייב און קינדער דערנעהרען.

אז א יוד האט דא געלד, וואוכערט ער דערמיט, ווי ווייט עס איז נאך מעגליך (צו לייהען פויערען געלד אויף פראצענט איז אין עסטרייך שטרענג פערבאטען), ער וואוכערט אזוי לאנג ביז ער געהט צו גרונד מיט דעם פערמעגען, אדער ער בויט הייזער אין די שטעדט; די נייע הייזער אבער שטעהען ליידיג, מען בעדארף נישט אזוי פיעל, און די איינגענטימער פערלירען זייער פערמעגען. מען קאן בעהויפטען מיט זיכערקייט, אז עס איז אין גאליציע נישט דא א יודישער עושר, וואס זיין פארמעגען געהט איבער אויף די קינדער. כמעט אלע רייכע יודען אין גאליציע זענען אויפגעקומענע און זייערע קינדער וועלען זיכער אזוי ארים זיין ווי זייערע זיידעס, אזוי ווי נאך דעם טאג קומט זיכער די נאכט. ווייל קיין שום יוד האט דא נישט קיין זיכערע עק־סיסטענץ, קיין בעשטענדיגע בעשעפטיגונג.

אזוי ווי די יודישע ארימקייט אין גאליציע קומט נאר, ווי איך האב געצייגט פון דעם שלעכטען איינפלוס, וואס די פאליאקען האבען אויף די יודען און פון די שלעכטע געוואוהנהייטען, וואס זיי האבען זיך דא פון זיי אויסגעלערנט, קענען די דאזיגע יודען בשום אופן זיך אליין ניט העלפען. די הילף מוז קומען פון דרויסען. און דאס האבען

---

געלערענט קינדער! — וועלען זיי זאגען — שען טרצוינגען!... (טהוט א זעץ מיט'ן קולאק אין טיש אריין) מלכה!

מלכה. (טהוט זיך אווארף) הא, וואס איז דיר? גאט איז מיט דיר!

מאיר. דו דאווענסט? די טאכטער דיינע שפאצירט דארט ארום דער רוח ווייסט וואו און מיט וועמען און דו דאווענסט!

מלכה. איך דאווען, וואס דען זאל איך טהון? מיר האבען פאר־זינדיגט פאר גאט, מאיר, שטארק פארזינדיגט!... בעדארף מען איהם דאווענען...

מאיר. דאווענען זאגסט דו? וויינען דארף מען! שרייען נא גוואלד! ארבייטען אויף אלע גאסען! — אט וואס מע דארף, און זי זאגט גאר דאווענען! געפונען איין ארבייט!...

מלכה. וויינען זאגסט דו? ווינציג האב איך מיך אנגעוויינט? מיר דאכט, אז איך האב שוין נענוג געוויינט; אלע טרערען אויסגעוויינט... וועה איז מיר, וואונד איז מיר, ווי אזוי וועל איך זיך איצטער באווייזען אויף דער גאס, אין מארק אדער אין שוהל? מע האלט אונז אזוי אויך גענוג אין מויל מיט די קינדער איטליכער באזונדער!... וואס וועט זיין, אז אונזערע מחותנים וועלען חלילה געוואהרע ווערען פונ'ם אומגליק?... (עס לאזט זיך הערען א קלינג און עס קומט אריין בעני קרויט).

## II-טע סצענע

(מאיר, מלכה און בעני.)

בעני. (מאכט א „באי בשלום" און רייבט א האנט אן א האנט) א גוטער מארגען זאל אייך זיין, רב מאיר! א גוטער מארגען זאל אייך זיין, מלכה! א גוטער מארגען זאל אייך זיין ביידען!

מאיר. גוט מארגען, גוט יאהר. וואס מאכט א יוד?

בעני. עט, וואס זאלען מיר מאכען? גאט לעבט און מיר, יודען, מוטשען זיך. וואס זשע הערט זיך עפ'ס ביי אייך? וואס מאכט איהר? וואס מאכען די קינדער אייערע? וואס זעהט מען זיי ניט? (קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען.)

מאיר. (ווינקט צו מלכה'ן, מלכה דאווענט) וואס איז? וואס דארפט איהר זיי?

בעני. איך? איך פרעג גלאט אזוי: איך זעה, מע זעהט זיי ניט, פרעג איך... אייער זוהן, הערט איהר, דער אנדערער, דעם ציוניסט מיין איך, א וואהלער בחור, איין איסגעצייכענטער! מיינע קינדער קענען זיך גאר זאט ניט אפלויבען פון איהם. זיי זענען געווען

שוין די גרויסע יודישע חברות אין וויען און אין דייטשלאנד איינגעזעהען, אזוי ווי די לעזער וועלען זעהען פון דעם צווייטען ארטיקעל.

(ענדע קומט).

ש. מ. לאזאר.

---

# די ערשטע צייטונג ביי יודען.

וועגען דער ערשטער יודישער צייטונג איז מיר שוין פארגעקומען צו שרייבען איין ארטיקעל אין ערשטען יאהרגאנג „יוד" [1]. דענסטמאל האב איך אין ווארשא בעקומען 46 נומערען פון דער זשארגאנישער צייטונג די „ווארשעווער יודישע צייטונג", וועלכע האט אנגעהויבען ארויסגעהן דעם 27-טען יאנואר אין יאהר 1867. אין יענעם ארטיקעל קענען די לעזער געפינען אויספיהרליכע ידיעות וועגען דער צייטונג.

איך האב נאר געוואלט איצטער זאגען, אז דענסטמאל בין איך געוועזען איבערצייגט, אז די ערשטע יודישע זשארגאנישע צייטונג דארף מען רעכענען די „ווארשעווער יודישע צייטונג", ווייל צעדערבוים'ס „קול מבשר" דארף מען אייגענטליך רעכענען פאר א זעלבסטשטענדיגע צייטונג נאר פון 1869, ווייל פון 1864 ביז 1869 איז ער געגאנגען נאר אלס ביילאגע צום „המליץ".

איצטער אבער איז מיר געראטען צו בעקומען איין איינציגע נומער פון א יודישע זשארגאנישע צייטונג, וועלכע האט זיך אויך געדרוקט אין ווארשא נאך מיט אסך יאהרען פריהער ווי די „ווארשעווער יודישע צייטונג. זי הייסט „דער בעאבאכטער אן דער ווייכסעל" (Dostrzegacza Nadwiślańskiego).

די נומער 28, וועלכער ליגט איצט פאר מיר, צייכענט זיך מיט א דאטע אויף דער ערשטער זייטע פון בלאט: „ווארשא דען 14-טען יולים 1824".

דער אייגענער טעקסט אין דער צייטונג איז געדרוקט אויף פויליש און אויף זשארגאן מיט „טייטש־חומש כתב", דער כתב אויף וועלכע עס זענען געדרוקט די אלטע „צאינה וראינה'ס". דער פארמאט פון דער צייטונג איז אין דרוק־בויגען 4 זייטען, יעדע זייט איז געזעצט אין צוויי שפאלטען, די גרויס איז אין קווארטא, געדרוקט איז די צייטונג אויף טונקעל דיק ביבולע־פאפיער. דער נאמען פון רעדאקטאר אדער הערויסגעבער און דרוקער איז ניט דערמאהנט אויף דער צייטונג

דער אינהאלט פון דער נומער 28 בעשטעהט פון די אבטהיילונגען:

„נאכריכטען פאם איגלאנדע".

„נאכריכט פאם אויסלאנדע",

„פערשיעדענע זאכען".

אויך געפינט זיך אין דעם נומער וועגען משה מענדעלזאהן: „אנעקדאטען (לוסטיגע איינפעלע) פון החכם ר' משה מדעסויא".

צום סוף נומער געפינט זיך איין איינציגע מודעה פון איינעם „בארוך זימאן", וועלכער האט א „לאטעריאקאמטאאר אין ווארשוי אויף טוואר‍דעם שטראססע נוממער 1103". אין דער מודעה רעכענט זיך אויס אלע גרויסע געווינסטען, וועלכע טרעפען אן 146450 פלארין.

אין דער אבטיילונג „נאכריכטען פאם אינלאנדע" קומען אריין רעגירונגס־בעפעהלע, אין די „נאכריכט פאם אויסלאנדע" קומען אריין פערשידענע אלגעמיינע נייעס און בעשרייבונגען וועגען ווייטע לענדער. אין דער אבטיילונג „פערשיעדענעס" קומען אריין איבערהויפט וועגען יודישע בעריהמטע מענער און וועגען יודישען לעבען אין פערשידענע צייטען.

אט אזוי זעהט אויס די יודישע צייטונג „דער בעאבאכטער אן דער ווייכסעל".

די דאזיגע יודישע צייטונג און אויך דער רעדאקטאר ווערען

[1]) „דער יוד" ערשטער יאהרגאנג נומער 9 פון יאהר 1899.

---

נעכטען אויף א „זאסעדאניע" פון די „זאסעדאניעס" זייערע, האט אייער זוהן דארטען געזאגט א דרשה אויף דער זאסעדאניע . . .

מאיר, וואסער „זאסעדאניע" ?

בעני. אט די ציוניסטען דארטען, וואס קלויבען צונויף די „שקלים־געלד" אויף אקציעס . . . מיינע קינדער, הערט איהר, זענען אלע ציוניסטען זענען זיי, חאטש מיר איז די „שפיעל" ניט געפעלען, דאס הייסט געפעלען געפעלט זי מיר זעהר, נאר וואס דען ? איך זאל זעהען, אז מע גיט שוין ערד און מע פיהרט שוין קיין ארץ ישראל, וואלטען זיך געפונען אסך בעלנים; איך וואלט דער ערשטער, הערט איהר, אריבער געפאהרען אהין, ווארום וואס האב איך דא צו טהון, אז עס האבען זיך אויסגעלאזט אלע פרנסות ? דאס שדכנות, הערט איהר, איז היינט ניין איילען אין דער ערד. אט נעמט למשל אזא שטוב ווי אייערע, כ'לעבען, קיין עין הרע פיינע קינדער, געלערענטע קינדער, און—און—און נדן ניט איהר שען ווי דער שענסטער נגיד, וואס זאל מען רעדען ? נאר ס'איז בלאטע. איך וועל ביי אייך, הערט איהר, קיין געשעפט נישט מאכען, ווארום אייער טאכטער, איך מיין די יונגערע מיין איך, וועט אויף מיין חתן ניט ווע‍לען קוקען אפילו, ווארום זי וויל גאר, זאגט מען, א שטודירטען וויל זי, קיין „אויסלאמר" וויל זי, זאגט מען, פאהרען . . .

מאיר און מלכה. פון וואנען ווייסט איהר וואס אונזער טאכטער וויל ?

בעני. אי, הערט איהר, א שטאדט שלאפט ניט, מע ווייסט; למאי מע ווייסט נאך זאכען ? . . . מע ווייסט אלסדינג . . . איז אקעגען וואס זאג איך עס הייסט דאס ? אקעגען פרנסה . . . א מאל איז געוועזן, הערט איהר, שדכנות א שטיקעל פרנסה, היינט איז דאס אויך בלאטע, למאי זאלען מיר זיך נארען ? איך וויים, אז איך וועל ביי אייערע קינדער קיין געלד ניט פארדיענען, סיידען אפשר ביי דער עלטערער טאכטער, ביי דער גרושה מיין איך ? וואו איז זי ערגיץ, פאר וואס זעהט מען זי ניט ? . . . (קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען).

מאיר. (ווינקט צו מלכה'ן, מלכה דאוועגט) וואס איז דען ? וואס דארפט איהר זי ?

בעני. איך ? איך פרעג גלאט אזוי: איך זעה, מע זעהט זי ניט פרעג איך . . . רעכען איך דאס שדכנ'ריי גאר אין גאנצען אוועקווארפען, ס'איז הערט איהר, א מחיה בזויה, ווארום אז גאט העלפט סע מאכט זיך, מע פיהרט יא אויס א שטיקל עסק, פאלט דאס נאכדעם אויס באקאס . . . און ווער שמוסט אז מע האט נאך צו טהון מיט די „מיוחסים" פון דער גילדענער פאהן! למשל נעמט אייער זוהן, אייער מאטוויי מיין איך . . . וואו איז ער ערגיץ ? פאר וואס זעהט מען איהם ניט ? . . . (קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען).

דערמאהנט אין דער פוילישער ענציקלאפעדיע פון נאסקאווסקי [2] און אין דער „יודישער געשיכטע“ פון ניסבוים [3], אויך אין זיין ווערק „היסטארישע סקיצען“ [4].

פון דארטען דערוויסען מיר זיך, אז דער רעדאקטאר פון דעם „בעאבאכטער אן דער ווייכסעל“ איז געוועזען אנטאני אייזענבוים (געבארען אין יאהר 1791) און די צייטונג האט אנגעהויבען ארויסצוגעהן נאך אין 1823, אין דעם דאזיגען יאהר זענען ארויס 5 נומערן און 37 נומערן 1824.

אין 1826 איז אייזענבוים געווארען דירעקטאר אין ווארשאווער ראבינער־שולע, וואו ער האט פארנומען די שטעלע ביז אין זיין טוידט (1852). ער איז געוועזען זעהר א געבילדעטער מענש. אלע דוכאוונע רבנים אין פוילען האבען געמוזט האלטען ביי איהם עקזאמען און אהן זיין ערלויבניש האט קיינער קיין רעכט געהאט צו זיין רב אין פוילען. יודישע ערציעהונג האט ער בעקומען אין זיינע עלטערנס הויז, דערנאך האט ער געענדיגט א ליצעאום.

און אזוי זעהען מיר, אז ביי יודען איז די ערשטע צייטונג געוועזען אין זשארגאן, און איז ארויסגעגאנגען מיט 33 יאהר פריהער פאר דער העברעאישער צייטונג „המגיד“, וועלכע אליעזר ליפמאן זילבערמאן האט אין ליק (פרייסען) אין 1856 אנגעהויבען ארויסצוגעבען און מיט 37 יאהר פריהער פאר דער ערשטער רוסיש־יודישע צייטונג „ראזסוועט“ פון יוסף ראבינאוויץ, ארויסגעגעבען אין אדעסא אין יאהר 1860.

מיט 80 יאהר צוריק האבען די געציילטע אייראפעאיש געבילדעטע יודען פארשטאנען די גרויסע נוצען, וואס א יודישע צייטונג אין זשארגאן קאן ברענגען דעם יודישען פאלק און האבען פריהער פאר אלעם אזא צייטונג ארויסגעגעבען.

[2] Noskowski, Encyklopedya Warszawa 1890.
[3] H. Nussbaum, Historya żydów, tom V. (Żydzi w polsce)
[4] H. Nussbaum Szkice historyczne, Warszawa 1881.

דאס לעבען און די צייט האט זעלבסט אנגעוויזען, אז פריהער פאר אלעם דארפען יודען האבען א צייטונג אויף דעם לשון אין וועלכען זיי רעדען און קענען פארשטעהן.

און ווי איהר זעהט וועט אונז יודען אויסקומען אין 20 יאהר ארום (אין יאהר 1923 צו פייערען דעם הונדערטיעהריגען יובילעי פון דער ערשטער צייטונג.

ווארשא, יאנואר 1903.

מ. ספעקטאר.

---

## פאליטישע ענינים.

(דאס אויסקלויבען סיוועטאן אין פראנקרייך. זשארעס נייע פאקטען. נייע פעלשונגען און נייע הכחשות).

דער ענין דרייפוס הויבט זיך ווידער אן, ווידער וועלען די פארטייען אין פראנקרייך, ווי מיט 5 יאהר צוריק, מלחמה האלטען פאר און געגען די גערעכטיגקייט. די וואס האלטען פאר דרייפוס האבען אפילו פערלארען איינעם פון זייערע גרעסטע גבורים, עמיל זאלא, וועלכער איז כמעט געוועזען דער ערשטער און דער לעצטער, וועלכער האט נישט אויפגעהערט שטרייטען פאר דער גערעכטיגקייט, לעבט שוין נישט מעהר, פונדעסטוועגען שרעקט דאס נישט אב די וואס האלטען פאר די גערעכטיגקייט. א פנים אז זיי זענען זיכער, אז היינטיגעס מאל וועט דער נצחון זיי געהערען.

ווער עס וויל נאר וויסען דעם אמת, ווייסט שוין פון לאנג, אז דרייפוס האט אומשולדיג געליטען אזוינע שרעקליכע יסורים 5 יאהר אויף דעם טייפעל-אינזעל, און אז נאך היינט ליידט זיין כבוד אומשולדיג. אלע ווייסען, אז די אייגענע פאלשקייטען און רציחות, וואס זענען געטאן געווארען אין יאהר 1894 ביים ערשטען משפט דרייפוס זענען אויך געטאן געווארען אין יאהר 1894 אין רען,ביין צווייטען משפט דרייפוס. ווען אין מיניסטעריום וואלט געוועזען א טויזענדער ספק אז דרייפוס איז שולדיג, וואלט מען איהם נישט בעגנאדיגט און

נאנצע שטאדט פון איין עק ביז'ן אנדערען... איז וויל ער ניט דעם שדוך, רב משה'לי הייסט עס...

מאיר. (קוקט אויף מלכה'ן, מלכה דאוועגט) וואס איז? וואס דארפט איהר איהם?

בעני. איך? איך פרעג גלאט אזוי; איך זעה מע זעהט איהם ניט פרעג איך... דאס הייסט, אייגענטליך האב איך צו איהם א שטיקל געשעפט, און צו ליב דעם טאקי בין איך הייסט דאס געקומען...

מאיר. (קוקט אויף מלכה'ן, מלכה דאוועגט) צו מיין זוהן א געשעפט? וואס פאר געשעפטען האט איהר דאס מיט מיין זוהן?

בעני. נישט קיין געשעפט, א שליחות האב איך, פון אייער מחותן טאקי פון רב משה'לי זיידענשטאמער א בריף הייסט עס...

מאיר און מלכה. (דערשראקען) א בריף? וואס פאר א בריף?

בעני. (נעמט ארויס פון בוזעם־קעשעני א בוינען פאפיר) עס רעדט זיך אזוי אבריף: געבראכט האב איך אייך די תנאים, דאס הייסט, ער האט אייך אפגעשיקט די תנאים, אייער זוהנ'ס תנאים...

מאיר און מלכה. (ביידע אין איינעם) אפגעשיקט די תנאים?

בעני. א פנים אזוי הייסט עס... און ער האט מיך געבעטען, רב משה'לי הייסט עס, אז איך זאל אייך זאגען, אז ס'איז אוים שדוך, מחמת... מחמת ער איז נעוואהרע געווארען פון דער מעשה מיט אייער טאכטער, די עלטערע הייסט דאס; עס ווייסט שוין דערפון די

מאיר. (אין כעס) ער וויל ניט דעם שדוך? א דאנק אייך פאר דער בשורה! (ער טהוט איהם א שמיץ די תנאים צוריק אין פנים אריין) געהט זאגט איהם, אז איך בין זעהר צופריעדען; איך דארף איהם אויף זיבענהונדערט כפרות מיט זיין זיידענעם גארטעל, מיט זיין בריטען דעניק און מיט'ן נאנצען יחוס זיינעם! פאר געלד קאן מען היינטיגע צייטען קריגען א גרעסערען יחוס פון איהם! און זאגט איהם ער זאל אפשיקען די כלה־מתנות, וואס איך האב איהם געשיקט, און טאקי היינט, א ניט וועל איך ניט קוקען אויף איהם, וואס ער איז רב משה'לי זיידענשטאמער און איך וועל איינגעבען אויף איהם און איהם מאכען דעם גרעסטען סקאנדאל! אז איהר זענט יא א שילאטען־שמש און גענומען אויף זיך אזא מצוה, טא נעהט זשע טאקי פון דאנען גלייך צו איהם) (ער ווייזט איהם די טיר.)

בעני. איך? וואס האט איהר צו מיר? איך בין דאך נישט מעהר ווי א שליח; מע זאגט מיר נעה—נעה איך... (ער ריקט זיך מיט א זייטעל) איך נעה, איך נעה... מיך טרייבט מען נישט, מיך האט נאך קיינער ניט געטריבען, ווארום איך נעה אליין...

מאיר. נעהט זשע טאקי באלד! (שטופט איהם ארויס).

דער דענסטמאלדיגער קריגס-מיניסטער גאליפע וואלט נישט געגעבען מתתיהו דרייפוס, דעם ברודער פון קאפיטאן דרייפוס, די ערלויבניש צוגעהן אין אסטראג און בעטען דעם "פעראורטיילטען", ער זאל מרוצה ווערען אויף בעגנאדיגען, דער אייגענער גאליפע, וואס רופט אן דאס מיניסטעריום פון וואלדעק-רוסא די "פארטיי אויסלענדער", און מען וואלט נישט ערלויבט דעם פאלקאווניק פיקאר, וואס האט זיך ממש מוסר נפש געווען פאר דעם אמת, און האט בעשולדיגט די גרעסטע מענער פון גענעראלשטאב, צוריק אריינצוקומען אין מיליטער־דיענסט. מען קאן זאגען, אז דאס בעגנאדיגען איז נישט געמאכט געווארען אזוי פיעל צוליב דרייפוסען ווי צוליב דעם דענסטמאלדיגען קריגס-מיניסטער מערסיע און די גענעראלען פון גענעראל־שטאב, אויף וועלכע דער גאנצער חשד פון די פעלשונגען איז געפאלען. דאס אלץ ווייסען אלע אין פראנקרייך, וואס ווילען נאר וויסען דעם אמת און דעריבער איז די דרייפוס־פראגע תמיד געווען גרייט זיך ווידער צו דערוועקען. די דרייפוסיסטען האבען נאר געווארט אויף א שעת הכושר און דאס האט זיך זיי נישט לאנג געמאכט.

נישט לאנג האט מען געוועהלט אלס אבגעארדענטען צום פראנצויזישען פארלאמענט דעם נאציאנאליסטען סיוועטאן, וועלכער האט געהאט, מיט 1600 דעות מעהר פאר זיין געגנער דעם ראדיקאלען מעסירי. סיוועטאן געגען מעסיריי אלס מענש און אלס ניצליכער אבגעארדענטער איז ממש כקוף בפני אדם. סעוויטאן שפילט א גאנץ קליינע ראליע אין פראנקרייך בשעת ווען מעסיריי איז איינער פון די וויכטיגסטע שטאטס־מענער און איז שוין אמאל געווען מיניסטער. די ראדיקאלען בעשולדיגען די נאציאנאליסטען, אז די וואהל פון סעוועטאן איז נישט צוגעגאנגען עהרליך און אין די ערשטע זיצונג אין פראנצויזישען פארלאמענט וועט זשארעס האלטען וועגען דעם א רעדע און אגב אורחא וועט ער שוין אויפווייזען נייע פאקטען, צוליב וועלכע מען וועט דרייפוסען מיזען נאך אמאל משפט'ן און היינטיגעס מאל וועלען די דרייפוסיסטען זיך נישט לאזען אבפארטיגען מיט מוחל זיין, נאר זיי וועלען פערלאנגען, מען זאל דורכאויס דעם אונשולדיגען אומקעהרען צוריק זיין כבוד.

אין וואס אבער בעשטעהען די נייע פאקטען, וועלכע זשארעס וויל אויפווייזען? עס איז קיין ספק נישט, אז די פאקטען זענען נישט אזוינע, וואס זאלען דערווייזען, אז נישט דרייפוס נאר עסטערהאזי איז דער מחבר פון דעם "בארדערא", אז ער האט דעם דייטשען אטאשע שווארצקאפען פערהאנדעלט פאפירען, ווייל דאס איז אלץ נוגע צו דעם ערשטען משפט־דרייפוס, וועלכער איז שוין לאנג בטל געווארען, די נייע פאקטען מיזען זיין אזוינע, וואס זענען בכח מבטל צו זיין דעם צווייטען דרייפוס־משפט אין רען, אין וועלכען עס זענען געמאכט געווארען נייע פעלשונגען, נייע זיופים.

לוי'ט די פראנצויזישע בלעטער זענען די נייע פאקטען וועגען דעם: 1) וואס בשעת דעם משפט אין רען האט דער סערבישער אונטערטאן טשארנושי בעקומען געלד, ער זאל זאגען פאלשע עדות געגען דרייפוס. 2) א טאג פאר דעם פסק־דין האט די פרוי פון גענעראל סאן־זשערמין איבערגעגעבען בסוד א פאלשען דאקומענט, דורך וועלכען מען האט דרייפוסען פערמשפט. 3) לעמערסיע־פיקאר, וועלכער האט געהאט א שייכות מיט דעם פאלקאווניק פיקאר און וועלכען מען האט געפונען אויפגעהאנגען ביי זיך אין צימער, האט זיך נישט אליין גענומען דאס לעבען. נאר אנדערע האבען איהם געהאנגען.

און באלד ווי עס זענען פערעפענטליכט געווארען די דאזיגע בעשולדיגונגען האבען זיך בעוויזען הכחשות. דער גענעראל לייקענט אב די מעשה מיט זיין ווייב, ער שווערט אויף זיין הן־צדק, אז זיין פרוי ווייסט נישט פון וואס צו זאגען, אז איהר פוס איז אפילו אויס'ן שוועל פון געריכטס־הויז נישט אריבער געטרעטען.

דאס זענען אבער נאר השערות; די צייט איז אבער נישט ווייט, ווען אלץ וועט זיך ארויסווייזען און דער משפט דרייפוס וועט זיך אנהויבען נאך פריהער ווי מען האט גערעכענט.

---

## III-טע סצענע

(מאיר און מלכה אליין.)

מאיר. (צו מלכה'ן) נו?

מלכה. וואס "נו"?

מאיר. האסט דאך געזאגט א סוד. האסט דו געזאגט?... א סוד פאר גאנץ בראד!

מלכה. (קוקט אין סדור אריין) וואס זשע זאל מען טהון? (זיפצט)

מאיר. וואס זאל מען טהון? מע דארף אריינרופען מאטווייען, איהם דערצעהלען, לאז ער חאטש וויסען, אז ער איז אוים חתן... וואו איז ערגיץ מאטוויי? פאר וואס זעהט מען איהם ניט?

מלכה. איך וויים וואו איז מאטוויי? שוין דעם דריטען טאג אז ער איז ניטא אין דער היים.

מאיר. הא? וואס? וואס האסט דו געזאגט? דעם דריטען טאג ניטא אין דער היים? וואס איז פאר ווערטער?

מלכה. שא שא, שרייט ניט אזוי! וואס שרייסט דו? מע ווערד פון דיר ניט גליקליך!

מאיר. וואס הייסט וואס שריי איך: ווי אזוי זאל איך ניט שרייען? וואו זענען דיינע אויגען? ביזט א מאמע צי ניין?

מלכה. טשעפע זיך אפ. וואס פאר א מאמע בין איך דיר, אז מע הערט מיך ווי דעם הונט פונ'ם גרעסטען ביז'ן קלענסטען? וואס פאר א מאמע בין איך אייך, אז אלע לאכען פון מיר, מאכ'ן פון מיר חוזק אין די אויגען? וואס פאר א מאמע בין איך דיר, אז פון קינדווייז אן האסט דו זיי געלערענט, זיי זאלען שטעלען א פייג דער מאמען און אלסדינג וואס איך זאג זאלען זיי טהון פונקט פארקעהרט? און ווער שמוסט פון זינט מיר זענען אריבער געפאהרען אין דער דאזיגער שענער שטאדט, ברענגען זאל זי, האסט דו זיי גאר צעלאזט, געמאכט פון זיי א תל!

מאיר. איך?!

מלכה. ווער דען, איך?;

מאיר. נו, לאז זיין איך!... וואו קאן דאס זיין מאטוויי? וואס הייסט ער איז ניטא אין דער היים? וואס איז דאס פאר א תנועה אוועקגעהן אויף דריי טאג פון דער היים?... וואו זענען די איבעריגע קינדער? (ער קלינגט און הייסט אריינרופען חיימ'ן; עס קומט אן חיים.)

## IV-טע סצענע

(מאיר מלכה, און חיים.)

מאיר. וואו איז ערגיץ מאטוויי?

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— ווי מען רעדט איז אין רוסלאנד בעשלאסען געווארען איבער־געבען די שולען וואו מען לערנט צאהן־ארצט אין דעם רשות פון מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג.

חמשה עשר בשבט 7 א זייגער פון אבענד איז אין ווארשא גע־וועזען א שרעקליכער שטורם. עס האט געבליצט, געדונערט, געהאגעלט און געשנייט אין איין צייט. אפילו די אלטע לייט אין ווא־שא גערענ־קען ניט, אז חמשה עשר בשבט זאל דונערן און בליצען.

— דער סענאט אין פעטערסבורג האט געפסק'ענט, אז דער פעטערסבורגער „גראדאנאטשאלניק" קליינלעס דארף בעצאהלען 35,000 רובל א געוויסען דאווינהאף, וועלכער האט אין פעטערסבורג געהאלטען א טאנץ־קלאס און דער גראדאנאטשאלניק האט דעם טאנץ־קלאס פער־מאכט נישט נאך דעם געזעץ.

— אין קוטי (גאליציע) איז געוועזען א גרויסע שרפה. עס זענען פערברענט געווארען 270 הייזער און 500 פאמיליען זענען געבליבען אהן ברויט.

— די שיידונג ביי דעם זאקסישען קראנפרינץ מיט זיינע אנטלא־פענע פרוי איז געוועזען אין דרעזדען אם 11 פעברואר. מען האט איהר אריינגעבראכט אין וואסער־קור־אנשטאלט.

— דער קריגס־מיניסטער אין פראנקרייך האט נעאסר'ט אויף אלע מיליטער־בעאמטע, זיי זאלען קיין ווארט דערצעהלען וועגען דעם ענין פון דרייפוס.

— דער געוועזענער קריגס־מיניסטער לייקענט אב דאס וואס מען זאגט אויף איהם, אז ער האט איבערגעגעבען געהיימע פאפירען די ריכטער פון רען, ווען מען האט געמשפט דרייפוסען.

— מען האלט פאר געוויס, אז עס איז דא א ריכטיגער בעוויז ביי איינעם פון די ריכטער וועגען דעם פאלשען בריף פון קייזער ווילהעלם צו דרייפוס.

— דער משפט פון די שווינדלער־פאמיליע עמבער האט זיך שוין אנגעהויבען, אבער נאך נישט דער הויפט־משפט, נאר א זייטינער משפט מיט א יודישען באנקיער, קאטוי, צוליב וועלכען מען האט געעפענט די פוסטע קאסע. ווי עס ווייזט זיך ארויס איז מאדאם עמבער נישט אזוי פיעל שולדיג ווי די פראצענטניקעס, וועלכע זענען געוועזען יד אחת מיט מעהרערע פראנצויזישע דיפלאמאטען.

— פאר די פערונגליקטע אויף דעם אינזעל מארטיניקא, וועלכע האבען געליטען פון די פייערשפייענדיגע בערג, האט מען אין פראנק־רייך שוין צוזאמענגענומען 9.141.914 פראנק.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** אין לאדז האט מען נישט לאנג געעפענט א נייעס גימנאזיום פאר מיידלעך; דעם טאג ווען דאס גימנאזיום האט זיך גע־עפענט האט מען געמאכט א באל, אויף וועלכען מען האט אויך גע־לאדען דעם יודישען ראבינער ד"ר יעלסקי.

— אין פעטערסבורג איז געקומען א דעפוטאציע פון טיפליס. צו בעטען מען זאל קאווקאז אויך אריינגעמען אין דעם ראיאן, וואו יודען מעגען וואהנען.

— אין דאילנע, א רוסישע פארט־שטאדט ביי דער חינעזישער גרענעץ, האט די רעגירונג ערלייבט יודען זיך צו בעזעצען און צו קויפען ערד, נאר יעדעם מאל דארף מען בעטען ערלויבניס ביים דארטיגען גובערנאטאר.

**דייטשלאנד.** ד"ר ראזענאק איז זיך משתדל צו גרינדען אין ברעמען א האטעל פאר יודישע עמיגראנטען.

— אלע יודישע פעראיינען צו פערברייטען לאנד־ארבייט און מלאכה צווישען די יודען אין דייטשלאנד האבען זיך פעראייניגט אין איין גרויסע חברה. דען קומענדיגען מערץ וועט זיין אין בערלין א גענעראל־פער־זאמלונג.

— דער „בערלינער טאגע בלאט" שרייבט, אז א דאקטאר אויס דאנציג איז דערגאנגען פון איין עדות אין דער קאניצער עלילת דם זעהר וויכטיגע זאכען. מען רעדט אז דער משפט וועט זיך באלד ווי־דער אנהויבען.

— אין בערלין איז נאך א לאנגע קראנקהייט געשטארבען צו 53 יאהר ד"ר מארטין בערענדט, וועלכער האט פיעל פילאזאפישע ספרים געשריעבען; דערונטער א בעריהמט ווערק איבער שפינאזא.

**פראנקרייך.** ה' לואי דרייפוס אויס פאריז, וועלכער איז

---

חיים. פון וואנען זאל איך וויסען וואו מאטוויי איז?

מאיר וואס הייסט דו ווייסט נישט?

מלכה. פון וואנען זאל ער וויסען?

מאיר. פאר וואס זאל ער ניט וויסען?

חיים. דערפאר וואס מיר ביידע געהען אין פארשידענע וועגען...

מאיר. אין פארשידענע וועגען? נאט אייך א גראשען פאר אלע אייערע וועגען! און נא דיר א האלבען גראשען פאר אלע דיינע „זאסע־דאניעס", „סאבראניעס", נייטיגע זאכען, קינדערשפיעל...

חיים. ביי וועמען ס'איז קינדער שפיעל, און ביי וועמען ס'הייסט געארבייט פאר'ן פאלק...

מאיר. (אויסגעצויגען מיט א נגון) זענט איהר דאס די ארבייטער פאר'ן פאלק?

חיים. אז איהר ווילט ניט טהון גאר ניט, איהר זענט פארנומען מיט אייערע געשעפטען, מיט אייערע פריצים, וועלען מיר ארבייטען פאר'ן פאלק.

מאיר. חא—חא—חא, זיי וועלען ארבייטען פאר'ן פאלק! וואס שע איז אייער ארבייט? איהר מאכט „זאסעדאניעס"?

חיים. דערווייל מאכען מיר זאסעדאניעס און אז עס וועט קומען די צייט, וואס מע וועט דארפען עפיס טהון, וועלען מיר טהון...

מאיר· פאהרען קיין ארץ ישראל?

חיים. פאהרען קיין ארץ ישראל.

מאיר· ווער? דו וועסט אפשר פאהרען קיין ארץ ישראל?

חיים. אפשר וועל איך פאהרען קיין ארץ ישראל...

מאיר. וואס וועסט דו דארטען טהון?

חיים. דאס וואס אלע: בעארבייטען די ערד, פלאנצען ווייג־גערטנער..

מאיר. דו וועסט ארבייטען ערד? דו וועסט פלאנצען בוימער?

חיים. פאר וואס ניט?

מאיר. מלכה דו הערסט? ער וועט גראבען ערד! פלאנצען בוימער! חא—חא—חא! וואס זאגסט דו אויף דעם ערד־גראבער? אויף דעם בוימערפלאנצער? קיין שענערע, לייטישערע פרנסה האסט דו שוין ניט געקאנט געפינען?

חיים. מיט וואס איז ערד ארבייטען מאוס'ער ווי זיין דעם פריצ'ס א יוד? און מיט וואס איז אויסמעקלערען איין אימעניע שענער ווי פלאנצען בוימער?... וואס פאר א תכלית קאן איך זיך דערלעבען אט דא

פארינעם יאהר געווארען דער גענעראל-קאנזול פאר רומעניע, האט די צייטען געשיקט צו די רומענישע קעניגין 14 טויזענד פראנק צו צעטיילען אויף פערשידענע צדקות.

**דענעמארק.** דער אויבער-ראבינער ה׳ ד״ר לעווינשטיין אויס האאג איז אויסגעקליבען געווארען פאר א ראבינער אין קאפענהאגען.

**אמעריקא.** דעם גרעסטער שאך שפילער, דעם יוד ד״ר עמנואל לאסקער, האט מען אויסגעקליבען פאר א פראפעסאר דער מאטהעמאטיק אין דעם ס״ט לואיזער אוניווערזיטעט.

— די חברה „יק״א״ האט נישט לאנג געקויפט אין ענטרע ריאס (ארגענטינא) פאר 125,000 רובל ערד.

— אין סאן פראנציסקא איז געשטארבען דער יודישער פראפעסאר יוסף ניימאן צו 76 יאהר. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט איינגעפיהרט זיידען-וועבעריען אין קאליפארניע.

— דאס געזעץ מען זאל אין אמעריקא נישט אריינלאזען קיין עמיגראנטען האלט ביין אנגענומען ווערען.

— די חברה „אהלי שם״ אין ניו-יארק האט בעשלאסען צו מאכען לכבוד דעם באראן גינצבורג אין פעטערסבורג א פאנד אויף 3000 דאלאר. דאס געלד וועט דיענען אלס פרעמיע פאר א גוטען ספר אין יודישע וויסענשאפט.

— די יודישע געמיינדע אין ניו-יארק האט אין יאהר 1902 צעטיילט 952,000 דאלאר אויף פערשידענע יודישע צדקות.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— פראפעסאר טראיצקי אויס פעטערסבורג האט נישט לאנג געהאלטען א רעדע וועגען ציוניזם.

— דער קאמיטעט פון די ציוניסטען אין דרום אפריקא האט געשיקט א דעפוטאציע צום ענגלישען קאלאניען מיניסטער טשעמבערלען אלס ער איז אנגעקומען אין יאהאניסבורג. טשעמבערלען האט געשמועסט מיט ה׳ גאלדרייך, דעם פארשטעהער פון די ציוניסטען און האט איהם געענטפערט נאך וואס די ציוניסטען אין אפריקא שטרעבען.

— ד״ר הערצל איז צוריק געקומען פון זיין רייזע אין פאריז און לאנדאן.

---

## באראן גינצבורגס יובילייאום.

דעם 26 יאנואר האט די יודישע געמיינדע אין פעטערסבורג געפייערט דאס 70 יעהריגע יובילייאום פון באראן נפתלי הערץ בן יוסף גינצבורג און דאס 40 יעהריגע יובילייאום זייט ער איז דער פארשטעהער פון דער דארטיגער יודישער געמיינדע. דאס יובילייאום איז געפייערט געווארען אין זאל פון דעם פעטערסבורגער קאנסערוואטאריום. עס זענען געקומען דעפוטאציעס פון 55 פערשידענע חברות. צווישען די 600 געסט זענען געוועזען פיעל רוסישע גרויסע לייט, מיטגלידער פון די יועצי המלוכה, דערונטער אויך דער רוסישער פינאנץ-מיניסטער וויטע, וועלכער האט דעם באראן איבערגעגעבען אין נאמען פון דער רעגירונג דעם ארדען אננא פון דער ערשטער מדרגה.

אז דער באראן מיט זיין פאמיליע איז אריינגעקומען אין זאל, האט איהם דער גאנצער עולם, בעגריסט מיט א „בראווא״. דער באראן האט זיך געזעצט אויף א פלאץ, וועלכען מען האט פאר איהם צוגעגרייט; באלד נאכדעם האט מען געזונגען פערשידענע הימנען און געשפיעלט פון זיין כבוד וועגען.

דער ערשטער האט איהם בעגריסט ה׳ ווארשאווסקי אין נאמען פון דער חברה מרבי השכלה און האט געהאלטען א ווארימע רעדע וועגען די נוצען, וואס דער באראן גינצבורג האט געבראכט די יודישע געמיינדע אין פעטערסבורג בפרט און די יודען אין רוסלאנד בכלל. בשעת דער רעדנער האט דערמאנט, אז די רעגירונג האט אויך אנערקענט די נוצען, וואס דער באראן האט געבראכט פאר דעם כלל האט זיך דער גאנצער עולם אויפגעהויבען און דער קאהר האט געזונגען דריי מאל דאס רוסישע נאציאנאל-הימנע און דער גאנצער עולם האט געפאטשט „בראווא״.

נאך דאס זינגען האט מען פארגעלייענט די ברכות, וואס די דעפוטאציעס האבען געשיקט. דערונטער אויך א ברכה וואס עס האט

---

איך זאל שוין אפילו זיין גאר אנגעענדיגטער? נאך א דאקטאר אהן פראקטיקע? נאך א יוריסט אהן א שיינצעטעל? ובפרט, אז איך האלט פון יאהר צו יאהר עקזאמען, און דוקא אויף נאלע פינפען—און אין „חדר״—א זאס—לאזט מען אלץ ניט אריין!...

מאיר. דערימאך איז וואס? דארף מען פאהרען, הייסט עס, קיין ארץ ישראל?

חיים. וואוהין דען זאל איך פאהרען? שטודירען קיין אויסלאנד, אזוי ווי מיין שוועסטער?

מאיר. וואסער שוועסטער?

חיים. חנה...

מאיר. חנה? (קוקט אויף מלכה׳ן) זי פאהרט טאקי?

מלכה. ווייס איך, וואס ער וועט דיר דערצעהלען? א נעכטיגער טאג!

חיים. ס׳איז ניט קיין נעכטיגער טאג; מיר האבען פעסט בעשלאסען פאהרען: איך קיין פאלעסטינא, און זי—קיין בערן.

מאיר. (קוקט אויף מלכה׳ן) פאלעסטינא? בעריל? דו הערסט ווערטער? (צום זוהן) ווען זשע הייסט דאס רעכענט איהר מאכען די רייזע, אם ירצה השם מיט גאטס הילף, אין א גרינגער שטאדט?...

חיים. ניט שפעטער פון היינטיגען אסיען.

מאיר. נו, און מכח, ווי אזוי הייסט מען דאס, מכח הוצאות וואס הערט זיך?

חיים. דאס איז פון די קליינע זאכען! וועסט דו געבען אויף הוצאות איז גוט, אניט וואס זאל מען טהון? יעדער מענש בעדארף זיך זיין שטעדטל-בייזשטעהן...

מאיר. (צו מלכה׳ן) הערסט דו וואס איך וועל דיר זאגען? איך האב מורא, אז מע דארף איהם פיהרען צום דאקטאר—ער איז קראנק! ער איז געריהרט! ער איז פונ׳ם זינען! ער איז... ער איז... (שרייט אלע מאל העכער) ער איז מסוכן!! ער איז געפעהרליך!!!

מלכה. אבער לאז זיין שטיל! (ווינקט צו חיים׳ן, ער זאל אוועקגעהן. חיים געהט אוועק. מאיר קלינגט, מע זאל איהם אריינרופען חנה׳ן, עס קומט אריין חנה.)

(ענדע קומט).



איהם געשיקט די פרינצעסין העלענע די טאכטער פון געארג פון זאכסען אלטענבורג, אין נאמען פון דער חברה צו שיצען פרויען, און פון נאך פיעל אנדערע דעפוטאציעס.

---

# א יודישע ירושה.

(ענדע).

די דייטשע יודען דארפען איינמאל פאר אלע מאל וויסען, אז אין מסחר־וועלט איז נישטא קיין שום ראסען־ און גלויבען־אונטערשיד; דארטען זענען אלע גלייך סוחרים און כדרך הטבע מוז אין יעדען סוחר מעהר אדער ווייניגער שטעקען אשטיקל שפעקולאנט, אשטיקל שווינדלער. אין דער בערזע שוועבען ארום אלע סוחרים פון אלע דריי הויפטגלויבענס פון דער וועלט און די אייגענע זיצען אויך צוזאמען אין קלוב ביים קארטען־טישל, דארטען איז נישט פאראן קיין שנאת הדת נאר גלאט קנאה, וואס דער האט מעהר מארקען היינט צוזאמענגעשארט אין זאק. מיט צעהן יאהר צוריק, בשעת אין בערלין איז געוועזען דער גוואלדיגער באנקראט פון דער פירמא „באנקגע־שעפט פון געברידער זאמערפעלד, האט זיך ארויסגעוויזען, אז איינער פון די שותפים האט שטארק חשק געהאט צו פערברענגען מיט די שענע ארטיסטקעס פון א געוויסען טעאטער, וועלכע דער דירעקטאר פון טעאטער בכבודו ובעצמו האט איהם צוגעשטעלט, נישט חס ושלום פאר געלד, הס מלהזכיר, נאר פאר א קרעדיט פון 180,000 מארק, וואס דער דאזיגער שותף האט איהם געגעבען. די שוואכקייט צו וועלען פערברענגען מיט שענע פרויען איז נישט קיין מאנאפאל פון יודישע באנקיערען, עס ליידען דערפון אלע, וואס האבען צופיעל וואהלטאג, און נישט ווייניגער אויב נישט מעהר פערדיענט געזודעלט צו ווערען דער דירעקטאר פון טעאטער, וואס האט איהם די „סחורה" צוגעשטעלט, און די אלע אנטיסעמיטישע בלעטער, וואס האבען די וועלט איבערגעקערט אויף זאמערפעלדען, האבען אפילו קיין איינציג שלעכט ווארט נישט גערעדט אויף דעם „ליוועראנט", ווייל דער ערשטער איז א יוד און דער צווייטער א קריסט. און טאקי, אז דער אייגענער זאמערפעלד האט א קורצע צייט פאר דעם באנקראט איינגעלאדען צו זיך אויף זיין זומערוואהנונג די הויפט רעדעלפיהרער פון דער דייטשער זשורנאליסטיק, זענען נאר קיין מאחמאדאנער נישט געקומען, ווייל עס איז נישטא קיין מאחמעדאנישע זשורנאליסטען. אבער קריסטליכע זשורנאליסטען האבען דארטען נישט געפעהלט. און אזוי ווי אין דער אייגענער צייט האבען באנק־ראטירט די יודישע באנק־הייזער: וואלף, לייפציגער און הירשפעלד, האבען די אנטיסעמיטישע בלעטער אין דייטשלאנד געלארמט און געמאכט קולות עד לב השמים אויף די יודישע באנקיערס און סוחרים. מעהר פון אלעמען האבען געשריגען די בערלינער צייטונגען, ווייל בערלין האט מעהר פון אלעמען געהאט היזק דורך די דאזיגע באנקראטען. נאר טאקי אין דער אייגענער צייט, אויך מיט 10 יאהר צוריק, האבען באנקראטירט אייניגע היפאטעטשנע באנקען, פון וועלכע א קאטוליק זאנדען איז געוועזען דער הויפט געשעפטס־פיהרער און דארטען האט זיך ארויסגעוויזען נאך א סך מאוס'ערע זאכען ווי ביי דעם באנקראט פון די זאמערפעלד'ס וואס האבען זיך דערנאך אליין דאס לעבען גענומען. זיגמונד זאמערפעלד האט ליב געהאט צו פערוויילען מיט ארטיסטקעס פון טעאטער, זאנדען אבער איז געוועזען א מענש א גאטספארכטיגער, איין אמת'ער ירא שמים און אין פריוואט־לעבען אויך זעהר בעשיידען. זאמערפעלד האט צוגע'גנב'עט דאס געלד פון זיינע קרעדיטארען און האט געשטיצט דערמיט דעם „פאדריאטשיק", וואס האט איהם צוגעשטעלט די ארטיסטקעס, זאנדען האט גע'גנב'עט געלד ביי זיינע קרעדיטארען און האט דאס אוועקגעגעבען צו בויען קלויסטערס. זאנדען האט זיך אויסגעבויט א גרויסארטיגע זומער־וואהנונג, האט זיך געקויפט א פלאץ אויף א קליין בית הקברות פאר זיך און האט דארט אויסגעבויט נאך ביים לעבען א מצבה, וואס האט אבגעקאסט 30,000 מארק, די דאזיגע מצבה איז געבויט געווארען פון דעם געלד, וואס די ארימע ארבייטער האבען ביי איהם בעהאלטען און די אייגענע מצבה איז דערנאך פערקויפט געווארען פער ליציטאציע צו בעצאהלען פון דעם געלד די ארימע בעלי־חובות, און אויף איהם האט קיינער א קרום ווארט נישט גערעדט, אויך דענסטמאל נישט ווען צוליעב דעם דאזיגען באנקראט האבען אויך באנקראטירט א סך אנדערע באנק־הייזער און לסוף אויך די גרויסע לייפציגער באנק, אין וועלכע קיין איינציגער יוד איז נישט געוועזען פערמישט. מיט א יאהר צוויי צוריק, בשעת מען האט בעשולדיגט דעם אויפזעהער־ראט, דערפאר וואס דער האט זאנדענען צופיעל געגלויבט האט די באראנעסע קאהן נישט געווארט אויף דעם פסק פון געריכט און האט געגעבען פון איהר אייגענע קאסע 7 מיליאן מארק צו בעפרידיגען די בעלי־חובות פון זאנדענס באנקראט, נאר דערפאר וואס איהר פערשטארבענער פאטער איז אויך געוועזען איינער פון דעם אויפזעהער־ראט און דער באנקראט האט געשטאמט דערפון וואס איהר פאטער האט דעם זאנדען צופיעל געגלויבט, און לא די וואס מען האט איהר דערפאר נישט געדאנקט, האט מען איהר נאך געזודעלט איהר מיט דעם פאטער צוזאמען, די אנטיסעמיטישע בלעטער האבען איהר געמאכט מיט דער בלאטע גלייך און אויך איצטער פערווארפט מען איהר נאמען מיט בלאטע נאר דערפאר וואס איהר פאטעד איז געוועזען נישט קיין סתם באנקיער נאר א באנקיער א יוד.

ק. ג.

---

# א פראצעס וועגען דער צייטונג „הצופה".

דעם 18־טען יאנואר האט דער ווארשאווער קאמערטשעסקי סוד, אין דער 1־טער אבטיילונג, צוזאמענגעשטעלט פון פרעדסעדאטיעל ה' פ. פ. זשדאנאוויטש און די טשליעניעס פון סוד, ה' פ. פ. קאוואלסקי, ה' ק. פ. יאסינסקי און בייזיצענד דער פאמאטשניק סעקרע־טאר ה' מ. י. באראנאוויטש, — אויסגעהערט די דיעלא וועגען דעם איסק פון ה' זלמן הורוויץ און ה' ליב שאלקאוויטש פון ה' לייזער פרידמאן *) אויף דער סומע פון 7500 רובל, און בעשלאסען: דער קאמערטשעסקי סוד אנערקענט אז דער קאנטראקט, וואס איז געשלאסען געווארען דעם 1־טען אויגוסט 1902 צווישען הורוויץ, שאלקאוויטש און

*) דעם רעדאקטאר און הערויסגעבער פון דער גאזעטע „הצופה" אין ווארשא.

פרידמאן **) איז געבראכען דורך די שולד פון פרידמאן, איינצומאנען פון לייזער פרידמאן פאר די פאלזע פון ה' זלמן הורוויץ 2500 רובל, און פאר די פאלזע פון ה' זלמן הורוויץ און לייב שאלקאוויטש 5000 רובל, צוזאמען 7500 רובל און פון דער גאנצער סומע רעכענען 6% פון דעם 15־טען נאיאבער 1902. אויסער די 7500 רובל מיט 6 פראצענט אויך איינצומאנען פון ה' לייזער פרידמאן פאר די פאלזע פון ה' הורוויץ און שאלקאוויטש פראצעס אונקאסטען 399.75 רובל.

אויף די דערמאהנטע סומען האט דער קאמערטשעסקי סוד ארויסגעגעבען דעם אדוואקאט פון די קלעגער, ה' קוראטאוו, איין איספאלניטעלני ליסט № 41. אויספיהרליך וועגען דעם אינטערעסאנטען פראצעס וועלען מיר מיטטיילען אין די קומענדיגע נומערן.

# מיינע דריי שונאים.

דריי יודען האב איך יונגל־ווייז פיינד געהאט, געווען זיי א דם שונא. איינער פון זיי איז געווען חיים מרדכי דער שוחט, א יוד מיט א לאנגע געדיכטע בארד, ווילד פערפלאנטערט און פערפלאכטען און מיט צוויי גרויסע מורא'דיגע אויגען, וועלכע האבען געהאט דעם זעלביגען גלאנץ פון זיין אנגעשארפטען חלף... און אז ער פלעגט קומען צו אונז אמאל קוילען דאס קעלבעלע, וואס אונזער בהמה פלעגט „געבוירען" און קאלטבלוטיג שארפען דעם חלף, דערצעהלענדיג אגב אורחא א מעשה, אז „טרוקענע פעלכלעך זענען געפאלען" (ער האט געהאנדעלט מיט טרוקענע פעלכלעך), פלעגט זיך מיר וועלען בשעת־מעשה ארויס רייסען פון זיין גראבער האנד דעם חלף און א־ריינלאזען איהם אין הארצען. אויף אונזער קעלבעלע האב איך מעהר רחמנות געהאט, ווי אט אויף דעם גזלן, וואס מעהר אז טרוקענע פעל־כלעך און קעלבער קוילען ווייסט ער ניט...

דער צווייטער, וועמען איך בין א שונא געווען, איז געווען גרונם דער בושעל — א גמרא מלמד, א יוד מיט זעהר א לאנגען האלז, פאר וואס חדר יונגלעך האבען איהם בושעל גערופען. איך האב אפילו ביי איהם קיינמאל ניט געלערנט, נאר די חברים מיינע פלעגען זיך פון איהם אנדערצעהלען אזעלכע רציחות, וואס ער בעגעהט זיך מיט זיינע תלמידים, אז מיין יונג־בלוט פלעגט אויפגעקאכט ווערען און אז איך פלעג איהם א מאל זעהען אין בית מדרש בין מנחה למעריב, ווי ער שטעהט נעבען כיור און וואשט די הענד, גלאצט זיינע קליינע פייכטע אייגעלעך און מורמעלט „נקבים, נקבים", פלעגט זיך מיר וועלען איהם מיט'ן פוס געבען א זעץ אין בויך, און א געשריי טון: בושעל דו! פאר וואס שלאנגסטו זיך אזוי?...

נאר די שנאה צו די ביידען איז געווען זעהר קליין קעגען דער שנאה, וואס איך האב געטראגען טיעף אין מיין יונג הערצל צו אהרן חיים דעם וואוכערניק. דאס איז געווען דאכט זיך אויפ'ן קוק איין ארי־מער יוד, איין איינגעהויקערטער אין איין אלט צעריסענעם בגד, נאר עס איז מיר געווען גענוג צו הערען איהם א מאל טענה'נדיג מיט מיין טאטען:

— איך זאג אייך ר' שלום (אזוי האט מיין טאטע געהייסען),

**) וועגען דער גאזעטע „הצופה".

אז אנדערש וועט עס ניט געהן — אנדערש קאן עס ניט זיין... דאס איז מיר געווען גענוג צו פיהלען צו איהם א ווילדע שנאה. אין זיין קול האט געקלונגען אזוי פיעל בייזקייט, אזוי פיעל קאלטקייט, אזוי פיעל אכזריות, אז עס איז מיר פערבליבען ווי ראסט אויפ'ן הארצען און אז ער איז אוועק געגאנגען פון אונז, האב איך זיך ניט געקאנט איינהאלטען און זיך געווענדעט צום טאטען:

— טאטע, וואס האסטו מורא פאר איהם, וואס רעדסטו מיט איהם?...

— ער וויל אונזער שטיבעלע אבנעהמען!... האט דער טאטע האלב לאכענדיג, האלב ערענסט געזאגט.

— א מכה וועט ער אבנעהמען! האב איך מיט בלוט פערלאפענע אייגעלעך אויסגעשריגען, דריקענדיג די פויסטען — איך וועל איהם זעהען אין גאס, וועל איך איהם מיט א שטיין פלעטען דעם מח...

— און סיביר האסטו פערגעסען? האט דער טאטע מיך גע־סטראשעט... און אין דער מינוט בין איך אויף „סיביר" געווען מעהר אין כעס, ווי אויפ'י מאוס'ען וואוכערניק...

* * *

און שטעלט זיך פאר מיין וועהטאג, אז אן מיינע ערשטע צוויי שונאים האב איך ווי עס איז דערלעבט א נקמה. דער שוחט האט שטארק אנגעהויבען צו האנדלען מיט „טרוקענע פעלכלעך", איז געווא־רען א נגיד. דערווייל האט דעם חזנ'ס בחור זיך עקזאמינירט אויף שוחט און האט אויס געהאלטען דעם עקזאמען אויף סאמע „פינפען"... און אזוי ווי דער פאטער זיינער, דער חזן, האט געהאט א גרויסען „צד", ווייל ער איז שוין דריי יאהר הייזעריג געווען און מען האט אויף איהם שטארק רחמנות געקריגען, — האט זיך שטעדטל געלעגט, אז מען זאל, אנשטאט חיים מרדכי'ן, וואס האט אנגעקליבען א מטמון געלד פון די „טרוקענע פעלכלעך", מאכען פאר א שוחט דעם חזנ'ס בחור. אי וואס? א בחור טאר נישט קוילען? טא זאל מען איהם חתונה מאכען... עס איז אפילו א שווערע זאך געווען, קריגען אזוי גיך א שדוך הגון פאר'ן חזנ'ס בחור, נאר אז „שטאדט" וויל איז ניטא קיין שווער, מען האט דעם בחור חתונה געמאכט, געגעבען איהם א ווייב, א חלף און געזאגט איהם קוילע...

אט אזוי האב איך דערלעבט נקמה אן אלטען שוחט. אמת, דער נייער איז אויך ניט געווען בעסער, ער האט אויך געקוילעט, נאר מיר האט ער מיין כעס ניט אזוי אויפגעבראכט. ער פלעגט עפים ניט אזוי קאלטבליטיג שארפען דעם חלף, ווי דער אלטער. ער פלעגט דאמאלס זיין בלייך ווי לייוואנד, די הענד פלעגען איהם ציטערן און מיר האט זיך געדאכט, אז ער אליין האט אויך רחמנות אויפ'ן קעלבעלע, נאר וואס זאל ער טון, אז מען האט איהם פארט פא־ א שוחט געמאכט...

א נקמה האב איך אויך דערלעבט אויף גרונם דעם בושעל. עפים איינמאל נאך פסח האט זיך אין שטעדטל צעטראגען א נייעס, אז גרונם דער מלמד האט פערלארען זיין חדר. צו וועלכען בעל־הבית ער קומט זאגט מען איהם אב. מען איז איהם מוחל די גמרא, די הארבע אויס־רעדעניש אין „מרובה" מיט די קלעפ און שמיץ. לא מעוקץ ולא מדובשך, ניט מאך פאר א קאליקע און ניט מאך פאר א רב...

און אז איך פלעג זיך אמאל, זומער, אריינכאפעי איי בית־מדרש

און פלעג איהם זעהען זיצענדיג ביי א ספר מיט איין אראבגעלאזענעם קאפ און אונטערברומענדיג א ווילד־אומוטיגען ניגונ׳דל, פלעג איך טראכטען: גוט אזוי! ווייטער הרג׳ע נישט קיין יונגלעך. טיעף אין הארצען אבער האב איך שוין אויף איהם רחמנות געקריגען. מיר האט זיך אפילו געוואלט אונטערגעהן צו איהם און טרייסטען איהם:

— נישקשה ר׳ גרונם, גאט לעבט! — נאר איך האב זיך גע־שעמט און אנגעקעהרט מיין פנים פון איהם.

קיין קויל האט נאר ניט גענומען א וואוכערניק. פערקעהרט, דער טאטע פלעגט אלץ קומען מיט נייעס, אז ער האט שוין נאך א יודען „אבגעשריבען״, נאך א שטיבל צוגענומען, אז מיט דער צייט וועט דאס גאנצע שטעדטל זיין ווערען... מיין כעס פלעגט ברענען, מיין יונג־הארץ האט רוהען ניט געקאנט און איך פלעג אין דער שטיל גאט בעטען, אז ער זאל אויך דעם וואוכערניק ניט פערגעסען, עפיס אנשיקען איהם א מפלה...

* * *

דאס שטעדטל האט זיך געוויעגט. עס איז עפיס געקומען צו פאהרען א מגיד. וואס קלינגט מיט זיינע דרשות אין דער גאנצער וועלט. עס זענען געווען צעקלעפט „מודעות״ אין אלע בתי־מדרשים און יודען האבען אבגעשטיפט איינער דעם אנדערען און געקראכען צום טיר איבערלעזען ווארט און ווארט, וואס עס שטעהט געשריבען וועגען מגיד... מנחה צייט איז דער בית־מדרש געווען געפאקט. ממש דאס גאנצע שטעדטל איז געקומען, דער בית־המדרש איז אפילו גע־נוג גרויס געווען און ווען יעדער וואלט זיך ניט געשטופט צום ארון־קדש, וואלט געווען גענוג ארט פאר יעדען. האט זיך אבער געגליסט חאפען א קוק אויפ׳ן מגיד און דער מגיד שטעהט ביי׳ם ארון־קדש. איז דעריבער דאס שטיפעניש געווען שרעקליך. איך אבער האב מיט אלע מיינע כחות בעקומען איין ארט נעבען ארון־קדש און מיט גרויס אונגעדולד געוואַרט, ווען דער מגיד וועט ארויף געהן און אנהייבען „זאגען״.

און אט זעה איך, ווי דער מגיד ריקט זיך פון ווינקעל מזרח, וואו ער איז געזעסען די גאנצע צייט פון מנחה נעבען רב. ער געהט ארויף, גיט א קוש דעם פרכת, גיט א גלעט די לאנגע שווארצע בארד, ווארפט זיינע צוויי שווארצע טיעפע אויגען אויפ׳ן עולם און הייבט אן...

פון אנפאנג נעמט ער פסוק פון תנ״ך, פון ישעיהו, דער פסוק איז מיר בעקאנט און מיר איז א וואונדער, וואס ער טייטשט אב יע־דעם ווארט, ווער ווייסט עס ניט דעם טייטש?... שפעטער א ווײַלע נעמט ער א שטיקל גמרא פון „בבא קמא״, נאך שפעטער א פסוק פון חומש...

און פלוצים הער איך עפיס ווי ער בעריהרט א בעקאנטע פראגע, איין ענין, וואס אינטערעסירט מיך אזוי, וואס לאזט מיך ניט רוהען, וואס צעקאכט מיין יונג־בלוט, ער דרש׳נט וועגען פראצענט...

— „אם כסף תלוה את עמי העני!״ — דונערט אויס דער מגיד; דער בית־מדרש, דאכט זיך מיר, ציטערט און פאלט באלד איין...

„אויב דו וועסט לייהען געלד דעם אריםאן,
„זאלסטו איהם ניט דריקען,
„ניט דריקען זאלסטו איהם!״...

וואו איז ער, וואו איז ער, דער וואוכערניק? זאל ער הערען, זאל ער הערען! פרעהט זיך מיין הארץ און איך הייב אן איהם זוכען מיט די אויגען.

און אט זעה איך ווי ער שטעהט אין צווייטען זייט פון מזרח הערט יעדעס ווארט און שאקעלט צו מיט׳ן קאפ...

— א הא! טראכט איך מיר — מען האט דיך געפאקט! ווארט, ווארט, דער מגיד וועט דיר געבען, וועסט ווייטער ויסען!...

„און אויב ער וועט דיר דעם בגד פאר א משכון געבען — ביי־
„זערט זיך העכער דער מגיד און זיין שטימע קויקעלט זיך איבערן
„גאנצען בית־מדרש — זאלסטו איהם, דעם אריםאן, ווי די זון פאר־
„געהט נאר, דעם בגד צוריק אומקעהרען... און אז ער וועט זיך ניט
„האבען ביי נאכט מיט וואס צו צודעקען, וועט ער וויינען צו מיר און
„איך וועל הערען, ווייל איך בין א דערבארעמדיגער גאט!״...

— און דו ווארפסט ארויס יודען פון שטיבער און גיסט זיי ניט אוועק צוריק! ווילט זיך מיר אויסשרייען צום וואוכערניק. נאר דער מגיד שמידט מיך צו צום ארט און איך קאן זיך ניט בעוועגען. ער רעדט הויך און בעגייסטערט וועגען דער מאוס׳ער מדה פון פראצענט נעמען, וועגען שטראף אויף יענער וועלט; ער מאלט אויס דעם גיהנם פאר די פראצענטניקעס, שטעלט פאר אלערליי ענוים־קשים, — און איך קוק, קוק אויפ׳ן וואוכערניק, נעהם ניט אראב די אויגען פון מיין אהרן חיים׳ן. איך היט זיין יעדע בעוועגונג. און א וואונדער איז מיר עפיס, וואס ער הערט גלייך מיט אלע יודען: די זעלבע אנגעשטרענגטקייט, דאס זעלבע זיפצעלע, אבער ניט מעהר...

און דער מגיד רעדט און רעדט און דרשנ׳ט דעם פסוק „אם כסף תלוה״ פון אנהייב אן. שרייט און ליארמעט, וואס מען רייסט די הויט פון ארימע יודען, פון יתומים און אלמנות, וואס די פראצענטני־קעס נעמען צו זייער לעצט קישען, און איך הער און קוועל... מיין יונג הערצל ווערד שיער ניט צעשפרונגען פאר שמחה — דערלעבט א נקמה אויף מיין שונא: — דער מגיד וועט פון איהם א סוף מאכען!

און אט האט דער מגיד געענדיגט. דער עולם רודערט. יעדער וויל ארויסגעבען זיינע התפעלות פון איהם. נאר מיר געהט עס ניט אן. איך לאז זיך צו מיין וואוכערניק, א קוק טון, וואס מאכט ער, צי לעבט ער נאך...

און אט שטעהט ער נעבען א רעדל יודען, וואס זאגען מבינות אויף דער דרשה. איך קוק איהם אריין אין די אויגען און וויל דאר־טען געפינען עפיס א פערענדערונג, א חרטה, א טרויער — גאר איך בעמערק עס ניט... מיין הארץ פערגיסט זיך מיט בלוט...

— סטייטש, סטייטש! ווילט זיך מיר אויסשרייען, וואס איז דאס? וואס בעדייט עס? נאך אזא דרשה, נאך אזא מוסר זאל ער אזוי רוהיג בלייבען?...

איך קאן עס ניט פערשטעהן, מיין קליין מח׳ל בענעהמט עס ניט. איך ריק זיך צו נאהענט צו איהם און איך דערהער ווי ער ווענדט זיך צו בערע פעשעס, איין אלטער בעל־הבית און זאגט מיט א שמיי־כעלע:

— וואס זאגט איהר ר׳ בער אויפ׳ן מגיד? א וואהלער זאגער!

שוין לאנג האב איך אזא דרשה ניט געהערט. פשוט א מחיה צו הערען... פערל שיטען זיך פון זיין מויל...

— פערפאלען! פערפאלען! האב איך אין דער שטיל געזיפצט — איהם נעמט קיין קויל ניט. אפילו אזא מגיד העלפט איהם אויך ניט, אזוי ווי ניט איהם מיינט מען גאר...

אברהם רייזען.

---

# פון אלסדינג צו ביסלעך.

(שמועסען פון אלערליי וויסענשאפטליכע ענינים).

פון ד״ר י. ליאקומאוויטש.

(פארטזעצונג).

דער הונגעריגער הונט האט געשלונגען דאס פלייש מיט זעהר גרויס כונה; דער אראבגעשלונגענער ביסען אבער איז ניט אראבגעקומען אין מאגען אראב, ווארום יעדעס מאל פלעגט ער ארויספאלען פונ׳ם לאך אינ׳ם ווער׳ט. — דער נארישער הונט האט געמיינט, אז ער עסט טאקי באמת און האט בעת־מעשה זעהר שטארק הנאה געהאט פון זיין עסען, הגם אין זיין מאגען איז דערביי גאר ניישט אראבגעקומען; און דאך האט בעת־מעשה דער לעדיגער מאגען געארבייט אויף אלע כלים; און דורך דאס רעהריל האט זיך פונ׳ם מאגען געגאסען זאפט אויף וואס די וועלט שטעהט.

ובכן דרינגט דער פראפ. פאוולאוו, אז דאס וועלען עסען, דאס הנאה האבען ביים עסען, דער אפעטיט — אט דאס איז קודם כל די הויפט־סבה, וואס וועקט דעם מאגען און זיין גאנצע קלאפער־געצייג צו זייער ארבייט. און אט דעם מאגען־זאפט, וואס ווערד דערביי אויסגעארבייט, האט ער דעריבער א נאמען געגעבען „אפעטיט־זאפט“, און דער פראפ. פאוולאוו מיינט, אז אט דער אפעטיט־זאפט שפיעלט די העכסטע ראליע ביים איבערקאכען און ביים גוט פערדייהען דאס עסען, — ביי וועמען עס ווערד אויסגעארבייט גענוג אפעטיט־זאפט, יענעם וועט דאס עסען וואויל בעקומען; אויב ניט — איז דאס עסען כמעט ווי גאר איין אומזיסטע טרחה, און ביי אזא אופן קאן מען זיך אפילו מיט׳ן בעסטען מאכל קאליע מאכען דעם מאגען.

נאר דערביי מוזט איהר זיך איינרעהמען אין קאפ, אז הונגעריג זיין איז דערצו נאך גאר ווינציג: מע קאן זיין זעהר הונגעריג און פארט קיין הנאה ניט האבען פונ׳ם עסען, אדער ווייל דאס עסען איז ניט געשמאק און געפעלט ניט, אדער דער קאפ איז בעת־מעשה אזוי דערשלאגען מיט זייטיגע ענינים, אז מע ווייסט אפילו ניט וואס מע עסט. און ווי באלד מע האט קיין הנאה ניט פונ׳ם עסען אדער מע ווייסט ניט וואס מע עסט, דעמאלט איז שוין א סך גלייכער, מע זאל גאר ניט עסען, ווארום ביי אזא אופן וועט קיין אפעטיט־זאפט ניט אויסגעארבייט ווערען אפילו אויף א לעק ניט. און דאס עסען וועט נאר אומזוסט און אומנישט ליגען אינ׳ם מאגען, און ווען אפילו עס וועט שוין יא סוף כל סוף ווי עס איז איבערגעקאכט ווערען איז דער רוח ווייסט, וואס פאר א מין געקעכטס עס וועט דערפון אומשטיינס געזאגט ארויס!...

ביי אלע געבילדעטע און אפילו ניט זעהר געבילדעטע פעלקער איז פון אייביג אן אזוי איינגעפיהרט, אז דאס עסען איז כמעט ווי א שטיקל מצוה־זאך: א משתה, א סעודה, אדער אפילו גאר א געוועהנליכער וואכעדיגער רעכענט זיך פאר א גאנצען משא־ומתן און מע בעגערט זיך דערמיט גאנץ ערנסט: מע גרייט זיך צו דעם, מע טראכט וועגען דעם, מע גיט זיך דער מיט אב און מע זעהט ווי ווייט מעגליך, אז דאס עסען זאל זיין אי שיין, אי פיין, אי געשמאק, און מע זאל הנאה האבען ביים עסען און פונ׳ם עסען. א פנים האט עס, אז דעם מענשען האט תמיד דערביי געפיהרט א מין אינוועניגסטעם געפיהל, א בעזונדערער „אינסטינקט“, ווי די געלערנטע רופען עס אויף זייער לשון — און אט דער אינסטינקט האט א פנים זיי אונטערגעזאגט, וואס פאר גרויסען ווערט עס האט דאס הנאה האבען פונ׳ם עסען און דעריבער טאקי האט מען אנגעווענדט אלע כחות און תמיד געזעהען אלערליי תרופות, אז דאס עסען זאל זיין כפירוש אלץ געשמאקער און זאל וואס מעהר געפעלען. — דערפון קאנט איהר אויך ארויסזעהען, אז די מעשה מיט דער שבת׳דיגער „נשמה יתרה“ איז שוין כמעט גאר ניט פון די גרויסע גוזמאות, ווי עס קאן זיך אויסווייזען לכתחלה: פערגעסט ניט, אז דער פרומער יוד זאגט זיך דאך אב אויפ׳ן גאנצען שבת פון אלע דאגות און פון אלע זייטיגע מחשבות; אז ער עסט — עסט ער לכבוד שבת, און בשעת מעשה גיט ער אב צו די שבת׳דיגע מאכלים אלע זיינע געדאנקען; ביי אזא אופן ווערד ביי איהם אין מאגען אויסגעארבייט א מענגע אפעטיט־זאפט, ניט דער ערך מעהר ווי ביי א געוועהנליכען וואכעדיגען מאהלצייט, יוען דער שטענדיג דערשלאגענער, פערזארגטער און פערדאגה׳טער יוד ווייסט כמעט גאר ניט וואס ער עסט; היינט וואס איז פאר א חדוש, וואס א פרומער יוד און דוקא ניט קיין זולל וסובא, קאן אים שבת אויפעסען צוויי מאל אזוי פיעל, ווי אין דער וואכען — און דאס עסען וועט איהם זעהר וואהל בעקומען? — אט האט איהר אייך א פראסטען שכל: א מענש, וואס איז שטענדיג איינגעטאן אין דער אכילה, קאן בעקומען (און בעקומט טאקי) א נשמה יתרה אפילו אין א „פראסטען פאניעדעלניק“...

אונזערע געטרייע מאמעס, בשעת זיי האדעווען די קינדער, זעהען זיי מיט אלע מעגליכקייטען, אז דאס קינד זאל אויפעסען נאך א שטיקעלי, נאך מעהר מיט א פיצעלי, און זיי זענען העכסט גליקליך און שטארק צופרידען, ווען עס גילט זיי אב איינצושטופען דעם קינד נאך א צוויי־דריי ביסען פלייש, נאך א לעפעלי יויך אדער מילך, הגם דאס קינד פערווארפט בעת־מעשה מיט׳ן קעפעלי, דרינגעט מיט די פיס און מיט הענט, און מע זעהט בחוש, אז דאס עסען קריכט איהם צוריק... זיי מיינען, אז די גאנצע דאגה איז, דאס קינד זאל אראבשלינגען דאס עסען, און אבי עס האט שוין ברוך־השם אראבגעשלונגען, וועט שוין זיין רעכט, — און דאס איבעריגע וועט שוין קומען ממילא!... ווארום זיי ווייסען נעבעך ניט, אז די הויפט־זאך דערביי איז, אז דאס קינד זאל עסען מיט חשק, מיט אפעטיט, מיט פערגניגען, אלא ניט, קאן איהם דער געניייטער ביסען גאר שאדטען...

אצינד קאנען מיר פערשטעהן דעם מערקווירדיגען סוד, פאר וואס עס מאכט זיך זעהר אפט, אז די גבירישע קינדער, וואס מע

האדעוועט זיי מיט די בעסטע אונ נעהרהאפטסטע מאכלים, זעהען אויס ווי די רוחות רלצ״ל; אונ פערקעהרט, דאס קבצנ׳ישע קינד, וואס עסט דער שווארצער יאהר ווייסט וואס, נאר אבי עס האט דערפון הנאה, בעקומט עס שוין דערפון אליין קיין עין־הרע אזוינע בעקעלעך, אז הלואי אויף אלע אונזערע ליבע געזאגט געווארען...

חוץ דעם סוד מיט׳ן אפעטיט-זאפט, איז דער פראפ. פאוולאוו דערגאנגען נאך איינינע וויכטיגע זאכען.— איך האב אייך שוין פריהער געזאגט, אז א טרוקענער ביסען קאן אבלינען אינ׳ם מאגען שעה׳ניווייז אונ קיין שום ביסל מאגען־זאפט זאל דערביי זיך ניט ווייזען; אייגענטליך גערעדט קאן עס ניט זיין אזוי, ווארום יעדער ביסען איז דאך ניט גאר אין גאנצען טרוקען: דער שפייעכץ מאכט דאך איהם סיי ווי סיי שוין עטוואס נאס; נאר דאך ווען מע גיסט נאך דערצו בעת־מעשה אין מאגען אריין א ביסל וואסער, דעמאלט הויבען אן די דריזלעך ארבייטען גאר אויף איין אנדער מין אופן, אונ עס ווערד בעשאפען א מענגע מאגען־זאפט. נאר מעהר אונ שטארקער פון וואסער ווירקט אין דעם פרט א ביסל גוטע יויך אדער שטארקער בוליאן.— אלערליי זויערע זאכען, למשל עסיג, קוואס, לימענע־זאפט האבען אויך א שטארקע ווירקונג אונ זענען אים שטאנד ארויסצורופען דעם מאגען־זאפט.— אצינד פערשטעהט איהר, פאר וואס עס איז זעהר גלייך, ווען מע הויבט אן א מאלצייט מיט א טעלער זופ אדער יויך; אונ ווען מע מוז זיך אפילו בעגעהן מיט א טרוקענעם אנבייסען, איז אויך גלייכער, מע זאל בעת מעשה עפיס טרינקען, אים ערגסטען פאל חאטש א גלאז וואסער, אדער נאך בעסער א גלאז קוואס. ביי דעם רוסישען פאלק איז דער קוואס ביים עסען זעהר שטארק אנגענומען. אונ דאס, זעהט איהר, איז דווקא גאר קיין נארישקייט ניט. דער אייגענער שכל ליגט אין דעם, וואס ביים פאניע איז בארשט — דער ערשטער אונ דער בעסטער מאכל אין דער וועלט. — היינט דאס וואס אלע האבען ליב צו בענוצען ביים עסען עסיג אדער לימענע-זאפט — איז אויך איבער דעם זעלביגען טעם.

ס׳איז דא א סך מענשען, וואס האבען מורא טרינקען וואסער ביים עסען אונ ווילען בשום אופן ניט דערלאזען. אז א קינד זאל חס־וחלילה א טרונק טון ביים עסען א קאפ וואסער: אפט מאל קומען פאר דורך דעם נעביך ביטערע קלאגען אונ געוויינען ביים טיש. דאס רוב פון זיי ווייסען לחלוטין אליין ניט, פאר וואס זיי האבען מורא: גלאט אזוי, זיי האבען געהערט זאגען, אז ס׳איז כלומר׳שט א סכנה. די אבער וואס ווייסען שוין כלומר׳שט יא עפיס, ווילען אייך דרינגען, אז דאס וואסער קאן מאכען שיטער דעם מאגען־זאפט אונ דורך דעם קאן ער אנווערען זיין גאנצען כח.— נאר א צינד, רעכען איך, וועט איהר פערשטעהן, אז דאס איז ניט מעהר ווי גערעדט: פערקעהרט דאס טרינקען וואסער ביים עסען העלפט, אז עס זאל בעשאפען ווערען נאך מעהר זאפט, אונ דורך דעם געהט דאס איבערקאכען אינ׳ם מאגען נאך פיעל שטארקער אונ בעסער.

ועל כלם איז דער פראפ. פאוולאוו דערגאנגען נאך א שיינע זאך: ער האט געפונען, אז דער זאפט אליין מיט אלע זיינע מדות אונ מעלות העננט סוף כל סוף אב פון דעם, מיט וואס פאר א סארט עסענווארג דער מאגען האט געוועהנטליך צו טון. אנדערש גערעדט איז ניט ביי אלעמען דא אלץ איין זאפט, נאר יעדער מאגען ארבייט אויס אזא זאפט, וועלכער זאל פאסען בעסער פאר זיין ארט עסענווארג; למשל ביי די וואס געהרען זיך נאר מיט הוילען פלייש אליין, ביי זיי האט דער זאפט כמעט גאר איין אנדער נאטור. ווי ביי יענע וואס עסען כמעט קיין מאל קיין פלייש ניט אונ לעבען נאר מיט ברויט אונ מיט קארטאפליעס.— אט דערין אייגענטליך ליגט די רפואה צו יענער מכה, פון וועלכער מיר האבען פריהער גערעדט. מיר האבען געזעהען, אז לכתחלה וואלט א מענש בעדארפט זיך נעהרען אי מיט פלייש, אי מיט ברויד, אי מיט פעטס. נאר אין אונזער וויסטען אונ פינסטערען לעבען קומט אבער ניט תמיד אויס פונקט אזוי ווי עס וואלט אייגענטליך בעדארפט זיין אויף דער וועלט: ניט יעדער מענש עסט וואס ער וויל אונ דארף, נאר דאס וואס ער האט; מוז שוין די נאטור מחילה זיך אריינמישען אונ פעררירכטען חאטש ווי עס איז אלסדינג, אויף וואס די פאלשע וועלט איז עובר, אונ דערום גיט זי דעם מענשען זאפט נאך זיין עסען נאך.

דערפאר מאכט זיך טאקי, אז מע געוועהנט זיך צו צו איין ארט עסען אונ מע געהט פלוצים איבער צו איין אנדער ארט, מאכט מען זיך געוועהנליך קאליע דעם מאגען.

אט אזוינע אונ נאך הונדערטערליי געוועהנטליכע זאכען, פון וועלכע מיר ווייסען שוין פון כמה וכמה יאהרען, האבען מיר ערשט אצינד אנגעהויבען צו פערשטעהן, ווי עס בעדארף צו זיין, אונ זעהען ערשט איצט ארויס דעם שכל וואס שטעקט דערין — אונ אט דאס האבען מיר צו פערדאנקען דעם פראפ. פאוולאוו אונ אלע זיינע מיטארבייטער.

---

# פורים אים שמונה עשר בשבט.

נאך ביז היינטיגען טאג עקסיסטירט א קליינע יודישע געמיינדע פון אונגעפעהר הונדערט פינפציג פאמיליען אין סאלאניקי, זיי קומען ארויס פון די סאראגאזער יודען. זיי האבען דארט זייערע אייגענע סינאגאגען מיט אבגעזונדערטע מנהגים. נאך היינט פערזאמלען זיי זיך יעדעס יאהר אם 17 שבט, פאסטען אב א תענית אונ ביי נאכט געהען זיי אלע אין שוהל דאווענען מעריב, לייענען א מגילה. דערנאך געהען זיי אהיים, מאכען א יום־טוב׳דיגע סעודה אונ פערברענגען פרעהליך אויך דעם מארגעדיגען טאג. אין דעם טאג טיילען זיי פיעל נדבות אונ מתנות ארימע לייט. וואס איז אזוינס דער פורים אונ נאך וואס פאר א נס ער איז — דאס דערצעהלט אונז די מגילה, וואס די סאלאניקער יודען לייענען אם 17-טען שבט.

ויהי בימי אלפאנזא החמישי. אונ עס איז געוועזען אין דער צייט וואס אלפאנזא דער V פון אראגאניע האט רעגיערט. א גליקליכע גוטע צייט האבען די יודען איבערגעלעבט אונטער זיינע הערשונג. אלע פרייהייטען האבען זיי געהאט, ניט ערגער ווי די קריסטען, פון עלענד אונ פערפאלגונג האבען זיי ניט געוואוסט, וואהנען האבען זיי געמעגט וואו זיי האבען נאר געוואלט. אין דער רעזידענץ-שטאדט, וואו אלפאנזא האט געוואהנט, האבען דאמאלס געלעבט פינף טויזענד פאמיליען יודען. אלע האבען זיי דעם קייזער ליב געהאט אונ באמת געשעצט, ווייל ער איז טאקי געווען א מענשען-פריינד. די יודען

האבען אויסגעטראכט א שיינעם מנהג לכבוד דעם קייזער. דאס איז געוועזען, אז יעדעס יאהר ביי זיין געבורטס-טאג פלעגען זיי ארויסנעהמען די ספרי-תורות און טראגען איבער אלע גאסען ביז זיי פלעגען קומען צום קייזערס פאלאץ, דארט פלעגען זיך אלע אבשטעלען און דער קייזער מיט אלע שרים פלעגען זיי בכבוד גדול עמפפאנגען. דער רב פלעגט דאמאלס אויפהייבען די הענד צום הימעל און בעטען גאט פאר דעם מלך און זיין מלוכה אויף אייביג גליק.

די ספרי-התורה האבען דאמאלס נאך ניט געהאט קיין עץ-חיים'ס ווי מיר האבען היינט, זיי זענען געווען צוזאמען געוויקעלט ווי א מגילה און מען האט זיי אריינגעבראכט אין שיידען און אויף די שיידען אנגעטאן טייערע עטרות. די יודען האבען זיך אבער מישב געווען, אזוי ווי סיי ווי סיי עפענען זיי ניט די תורה, נאך וואס זאלען זיי פיהרען די ספרי-תורות מיט זיך, עס איז דאך גלייכער, אז זיי וועלען לאזען שטעהען די ספרי-תורות אין ארון און צום קייזערס געבורטס-טאג וועלען זיי ארויסטראגען די שיידלעך אליין — און כך הוה: זיי האבען פון דאמאלס אן ניט מעהר מיט גענומען די ספרי-תורות, זיי האבען זיך בעגניגענט מיט די שיידלעך אליין. דאס האבען נאר געוואוסט די יודען צווישען זיך, קיין אנדערער האט דערפון ניט געטארט וויסען און האט אויך ניט געוואוסט.

האט זיך אבער געמאכט א מעשה און א געוויסער ח י י ם ס צ י א מ י איז אריבער געגאנגען צום קריסטענטום. און דער משומד האט גראד געוואוסט ווי זיך ביים קייזער איינצושמייכלען, ער האט אזש דערלאנגט ביז יועץ-המלכות-טיטעל און איז געווען ביים קייזער פון די שטענדיגע געסט. דאמאלס האבען זיך דאס געקליבען די יודען פראווען דעם קייזערס געבורטס-טאג ווי געוועהנליך. מיט איין אבענד פריהער האט אלפאנזא געמאכט א גרויסען באל און האט איינגעלאדען אלע פירשטען און דארט איז געווען דער משומד אויך. ביים עסען איז געקומען צו רייד וועגען דעם יודישען פאלק. דער קייזער האט זיך אנגערופען פון דער גוטער זייט, בעזונדערס האט ער זיי געלויבט פאר זייער טריישאפט און כבוד, וואס זיי פלעגען איהם ווייזען, ער האט אויך דערמאנט זיין געבורטס-טאג, וואס ווערד אזוי שען געפראוועט ביי די יודען.

ווי דער משומד האט דאס דערהערט, איז ער נתמלא געווארען מיט כעס, אלע פארבען האבען זיך געביטען אויף זיין געזיכט. ער האט זיך דאך איינגעהאלטען און געזאגט: „אדוני קעניג, דו האסט א טעות אין די יודען, דו קענסט זיי ניט וואס פאר א חנפים, צבועקעס זיי זענען, אלעס געהט ביי זיי מיט פאלשקייטען צו, און דעם קייזער זענען זיי גאר ניט טריי. א בעווייז איז, אז די ספרי-תורות וואס זיי טראגען לכבוד דיר, זענען גאר קיין ספרי-תורות, דאס זענען נאר שיידלעך מיט עטרות. זיי וועלען פאר א קריסטליכען קייזער זייער היילינגטום ניט ארויסטראגען — דאס נארען זיי דיך!"

דער קעניג, ווי ער האט דאס דערהערט, איז אויפגעברענט געווארען ווי א פייער. „מארגען — האט ער געראש'ט פאר זיין גאנצען סענאט — מארגען, אין מיין געבורטס-טאג, מוז איך אלע סאראגאזער יודען אויסהרג'ענען ביז איינעם, דערנאך אלע איבריגע יודען פון מיין מלוכה — זיי וועלען שוין וויסען ווי מיך אזוי נידערטרעכטיג צו בעטריגען". דער בעשלוס איז געבליבען, אז מארגען וועט פארגאסען ווערען יודיש בלוט!

בלילה ההוא נדדה שנת — אין יענער נאכט, וואס ביים קייזער'ס מאהלצייט איז געבליבען, אז מארגען וועט מען אלע יודען אויסהרג'ענען, האט דער שמש אפרים ברוך ניט געקאנט איינשלאפען, א האלבע נאכט האט ער זיך געווארפען אויף אלע זייטען ביז ער איז ענדליך איינגעשלאפען. דאמאלס איז געקומען אליהו הנביא צו איהם צו חלום און האט איהם געזאגט „שטעה אויף דו אפרים ברוך און לעג אריין די ספרי-תורות אין די שיידען, ווארום גאט'ס צארען איז אויסגעגאסען אויף אייך. דאדורך אבער וועט איהר געראטעוועט ווערען", אפרים ברוך האט זיך אויפגעחאפט פון שלאף. תחלת איז ער דערשראקען געווארען. נאר אז ער האט דערזעהען אז דאס איז א חלום האט ער אויסגעשפיגען דריי מאל, זיך איבערגעדרעהט אויף דער צווייטער זייט און איז ווידער איינגעשלאפען. אבער „לא ינום ולא יישן שומר ישראל" און אליהו הנביא האט זיך ווידער באוויזען ר' אפרים ברוכ'ן אין חלום. און אז אפרים ברוך האט זיך דערוואוסט פון אליהו אלץ וואס עס איז אפגערעדט געווארען ביים קייזער צום טיש, איז ער אויפגעשטאנען תיכף ומיד, געחאפט און אריינגעלעגט די ספרי-תורות צוריק אין די שיידען און האט קיין מענשען פון דעם ניט געזאגט, דען אזוי האט איהם אליהו אנגעזאגט אין חלום, אז ער זאל קיינעם ניט דערצעהלען.

ויהי היום — עס איז טאג געווארען. איבער אלע גאסען ציהען זיך מוזיק און דעם קייזער'ס פאלאץ איז בעפוצט מיט די טייערסטע פאהנען און נעבען קייזערס הויף האבען זיך אפגעשטעלט די יודישע דעלעגאטען מיט די ספרי-תורות און הינטען שטעהט דאס גאנצע פאלק. ווי אלפאנזא האט זיי דערזעהען האט ער אנגעהויבען צו טיפען מיט די פיס: „ווי שטעלט איהר זיך אונטער, חנפים, צבועקעס מיך צו בעטריגען! ליידיגע שיידלעך האט איהר מיר ארויסגעטראגען, איך זאל מיינען דאס איז אייער היילינגטום, און באמת האט איהר אייערע ספרי התורה געלאזט אין ארון קדש, ווייל איהר ווילט זיי ניט מטמא זיין דורך מיר. און אלפאנזא האט זיך געווענדעט צו די קריסטען און געזאגט: רייסט ארויס פון זייערע הענט די שיידלעך, היינט מוזען אלע יודען געהרג'עט ווערען.

א קאלטער שוויים האט בעגאסען אלע יודען, זייערע פנים'ער זענען געווארען בלאס ווי קאלך — זיי האבען זיך שוין צוגעגרייט צום טויט. ווי איבערראשט זענען אבער געווארען די יודען, וואס האבען ניט געוואוסט פון שמש'ס חלום, בשעת זיי האבען דערזעהען ווי די קריסטען האבען ארויסגעצויגען פון די שיידען ספרי-תורות. דער עקר נס איז געווען, וואס בשעת מע האט דעם קייזער אויפגעעפענט די תורות האבען זיך גראד אלע אויפגעמישט אויפ'ן פסוק: „ואף גם זאת בהיותם בארץ אויביהם לא מאסתים ולא געלתים לכלותם להפר בריתי אתם, כי אני ה' אלהיהם" ד. ה. אפילו בשעת זיי זענען אין לאנד פון זייערע פיינד, האב איך זיי ניט פעראכטעט און ניט פערמאוס'ט, כדי זיי צו פערניכטען און מיין בונד מיט זיי צו צערשטערען, דען איך בין דער גאט אייער הער.

דער קעניג האט חרטה געהאט וואס ער האט די יודען פערשאפט

שברת הלב אונ האט געגלויבט א פאלשען אינטריגאנט. דער משומד האט אבער בעקומען וואס עס האט געזאלט זיין אויף אלע סאראגאזער יודען — מע האט איהם אויף דער שטעלע אין דעם זעלבען טאג, דעם 8-שבט דעם קאפ אראפגענומען:

ווי ווייט די לעגענדע מיט דעם סאראגאזער פורים צוזאמענהענגט איז שווער צו בעשטימען. אונגעפעהר די זעלבע לעגענדע דערצעהלט הערמאן רעקענדארף אין זיינע סקיצען „די יודישע סודות", ער בעציהט עס אויף אלכסנדר מוקדן, אנדערע דערצעהלען עהנליכע לעגענדען אויף פערשידענע צייטאלטער אין דער יודישער געשיכטע. דאך שיינט, אז דער סאראגאזער פורים איז ניט אין גאנצען אויסגעטראכט. שוין דאס מגילה-לייענען אין דער סינאגאגע איז א בעווייז דערצו, ווען אפילו דער אינהאלט פון דער מגילה זאל ניט אין גאנצען זיין אמת.

ד"ר יצחק וויערניקאווסקי.

---

# אמאל אונ היינט.

## א מין בריף אין רעדאקציע.

ווי איך זעה אין אייער „פאלקס-צייטונג". זענט איהר זעהר צופרידען פון אונזערע נייע צייטונגען: אין אייערע „צווישען גאזעטען" געפין איך נישט קיין שום ווארט, פון וועלכען איך זאל מיר קענען דרינגען, אז איהר האט אין הארצען א שטיקל תרעומות.

פאר פיעל אנדערע, מוז איך אייך זאגען, איז דאס אבער צו ווייניג. א סך וואלטען וועלען, אז איהר זאלט, ווי מען זאגט, „קלינגען אויף אלע גלאקען". זינגען אויף אלע טענער לכבוד די נייע צייט, וואס אויב איינער וויל עפיס ארויסגעבען, ברויך ער שוין נישט ווי אמאל טון כל מיני פסלנות, אום מען זאל איהם גלויבען, אז ער וויל מיט זיין אויסגאבע נאר די וועלט בעגליקען, כדי צו ציהען געלד פון דער וואנד, פון פערשידענע „קולקעס" אונ פריוואט-מענשען. היינט, אז א יוד בעקומט א קאנצעסיע — מעג עס זיין פאר פרעמדע געלד — אויף א צייטונג, חאפט מען איהם צו ווי איין אוצר, מען קארגט איהם קיין געלד, מען קוקט נישט אויף דער עולה, וואס געשיהט די, וואס האבען דאס געלד אויף דער קאנצעסיע געגעבען, מען שפיערט אפילו נישט די חרפה פון וועלען צונעמען פרעמדע געלד...

נאך מעהר, אין דערזעלבער צייטונג זורעלט מען די ביי וועלכע מען האט געלד צוגענומען אויף צו גרינדען די צייטונג. [1]

היינט שרייבער! וואס פאר א צייט איז אויף זיי געקומען!...

ווי לאנג איז אין גאנצען, ווי איינער האט גענומען געלד פון ווייס איך וועמען פאר אייגענע ארבייט, מיטארבייטער אונ רעדאקציע, חוץ וואס אויף פאפיר אונ דרוק, דערנאך האט ער אבגעדרוקט, פערקויפט, ווידער גענומען געלד אונ אלץ אין זיין אייגענע טאש אראבגעלאזט, קיינעם א גראשען נישט געגעבען, אפילו די, וואס ער האט זייערע ארטיקלען פערדארבען מיט אייגענע חשבונות [2].

---

[1] זעה „הצפה" נו' 23.

[2] אין בילד „ספקות", וואס איז געדרוקט אין בלעטל „גרינס", ערשטע סעריע „יו"ט בלעטלעך" פון י. ל. פרץ, איז אין אנפאנגם אנשטאט א נאמען פון איין אלט ספר, ווי עס פאסט צו די ערצעהלונג, אריינגעשטעלט געווארען „גרעצס געשיכטע אין פינקעלס איבערזעצונג". פרעגענדיג דעם רעדאקטאר, צוליב וואס ער האט דאס געטאן, האט ער מיר געענטפערט: „זאל N... פלאצען!"

א יוד האט געארבייט, גאט ווייסט ווי לאנג, אויף צונויפקלויבען „ווערטלעך פון דער גמרא" [3], אונ נישט האבענדיג קיין געלד אויף דרוק, האט ער זיין ארבייט איבערגעגעבען דעם אייגענעם רעדאקטאר, נאר אום די ארבייט זאל קענען געדרוקט ווערען בעזונדער אויך, האט ער אויסגערעדט מיט דעם רעדאקטאר, אז ער זאל אויפשרייבען: „בעארבייטעט נאך..." [4] אונ וואס ווילט איהר? די אונשולדיגע הוספה האט דערנאך געדיענט פאר א טעם מספיק, אפילו אין געריכט, אום דעם פערפאסער נישט צו בעצאהלען פאר זיין ארבייט... ער האט געמענט פון הונגער שטארבען, אונ אין דעם וועדקל דרוקען האט ער געמענט זיין גאנצע האפנונג לעגען... דער רעדאקטאר האט אויך גענומען געלד פאר מודעות, אויסגאבען איבערגעדרוקט אונ ווידער גענומען געלד, עמיצען פון די מיטארבייטער צו בעצאהלען — איז איהם אפילו נישט אויף די געדאנקען געקומען!...

אוי, וואס פערלעגער האבען זיך אמאל געפלעגט צו דערלויבען!... איהר געדענקט שוין נישט? — איך וועל אייך דערמאנען. דערזעלבער רעדאקטאר, פון וועלכען איך שמועס, האט אמאל אנאנסירט א נייע אויסגאבע: „פאפולייער וויסענשאפטליכע ווערק" [5] אונ האט אויף זיי אויפגענומען פרענומעראנטען [6]. די שרייבער האט ער אויפגעגעבען ארבייט אונ זיך מיט זיי משוה געוועזען, זאגענדיג כהאי לישנא: „איך אליין וועל אין דעם ווייניג פערדיענען. מוזט איהר אויך ביליג ארבייטען; 10 רובל פאר'ן בויגען, מעהר קאן איך נישט צאהלען".

די שרייבער האבען געארבייט, שווער געארבייט, פערבעסערט אונ איבערגעשריבען, ווי דער רעדאקטאר האט געהייסען. — צי האט מען די שרייבער חאטש איין גראשען געגעבען? צי האט מען חאטש די פרענומעראנטען זייער געלד אומגעקעהרט? אונ בכלל, וואו איז די גאנצע ארבייט אהין געקומען? — פרעגט ה' פרצ'ן — נישט קיין מיטארבייטער, נישט קיין פרענומעראנטען-קלויבער, נאר ער, ה' פרץ אליין, קאן אויף דעם א תשיבה געבען...

היינט אבער מיזען די פערלעגער קודם כל געבען די פרענומעראנטען אלעס, וואס זיי פערשפרעכען, שרייבער מיזען זיי אויך צאהלען אונ נאך ווי צאהלען! אז איינער רעכענט א שרייבער 32 זייטען דעם בויגען, זעצט מען איהם אין „סנדל" אריין [7], חאטש פאר די זעלבע ארבייט איז שוין נישט איינמאל גענומען געווארען געלד אונ חאטש צווישען די „זאכען" געפינען זיך אזוינע, וואס זענען לכתחלה געגנב'עט געווארען... [8]

---

[3] זעה „די יודישע ביבליאטעק", I באנד, זייטע 307—314.

[4] איהר האט אמאל געהערט: „ווערטלעך פון דער גמרא — „בעארבייטעט"? דער עיקר בעארבייטען איז דאך נאר דאס צונויפקלויבען!

[5] מכלומר'שט אלס ביילאגע צו „די יודישע ביבליאטעק".

[6] קלויבען פרענומעראנטען האט איהם געהאלפען א מחנה „חברים" וועלכע ער קען שטענדיג גוט אויסנוצען...

[7] „הצפה" נו' 23 אין פעליעטאן „הסנדל למינהו", טאקי פון דעם זעלבען י. ל. פרץ.

[8] די סקיצע „הכנסת כלה", וואס איז אם ערשטען געדרוקט געווארע

אפשר זענען די פאקטען פאר אייך צו וועניג, ערלויבט מיר נאר, וועל איך אנשיטען גאנצע פעק מעשיות, אלץ פון איינעם און דעם זעלבען רעדאקטאר, וועט איהר מיזען מודה זיין, אז בלויס צופרידען זיין מיט דער נייער צייט איז צו וועניג...

מיט אכטונג

א געוועזענער מיטארבייטער פון „די יודישע ביבליאטעק", „יום טוב בלעטלעך", „ליטעראטור און לעבען" און די אויסגאבע פון „פאפולער וויסענשאפטליכע ווערק".

ע. נ. פרענק.

## ליטעראטור און קונסט.

— גארקים נייע דראמא „די יודען", וועט פארגעשטעלט ווערען אין דעם מאסקאווער קליינעם טעאטער קומענדיגען הערבסט.

— די אינטעליגענטע קלאס אין לאדז האט בעשלאסען צו עפענען דארט איין אויסשטעלונג פון קונסט און מאלעריי פון יודישע און נישט יודישע קינסטלער.




### I. אלגעמיינע נייעס.

— היינטיגען חודש וועט דער רוסישער סענאט בעהאנדלען דעם פראיעקט צו געבען פרויען רייזע פעסער, ווען דער מאן בעהאנדעלט זיי נישט גוט אדער ער גיט איהר נישט קיין חיונה.

— ביי דער היידעלבורגער אוניווערזיטעט וועט מען עפענען א יוריסטישען פאקולטעט פאר פרויען און מען וועט זיי צולאזען צום עקזאמען גלייך מיט מאנסבילען.

### II. יודישע נייעס.

— די שילער פון דער לוזאנער אוניווערזיטעט אין שווייץ האבען צעשיקט איין אויפרוף, אין וועלכען זיי בעטען מען זאל קיין רוסישע (די כונה איז יודישע) שילער־נען נישט צונעמען אין די אוניווערזיטעטען פון שווייץ.

— די יודישע זענגערין פעלא קאמשאווסקא, די טאכטער פון דעם ווארשעווער אויבער־חזן ה' גריצהענדלער האט בעקומען פון דעם גרויס־הערצאג פון העסען דארמשטאדט דעם טיטעל קאמערזענגערין.

## ליבען און לעבען.

דער גרויסער פיזיאלאג, פראפעסאר פאולא מאנטעגאצא, איינער פון די בעריהמטעסטע פאפולער-וויסענשאפטליכע שריפטשטעלער אין איטאליע, שרייבט אין איינעם פון זיינע ווערקע איבער ליבע אונגעפעהר דיזע ווערטער: שוין זייט יאהרען־לאנג שטעל איך די בעהויפטונג, אז דאס לעבען בעדייטעט: זיך ערנעהרען און זיך פארטפלאנצען (דאס הייסט פארטזעצען דאס געשלעכט, אויפשטעלען א נייעם דור); און וואס מעהר איך פערטיף מיך אין די טונקעלע אבגרינדע פונ'ם לעבען ווערד אלץ ביי מיר שטארקער יענע בעהויפטונג. און ווען איך וויל די זאך אין גאנץ קורצען פארמעל זעצען, דאס הייסט גאנץ גענוי זאגען, קום איך דערצו, אז לעבען בעדייטעט בלויס פארטזעצונג פונ'ם געשלעכט — זיך פארטפלאנצען.

די ערנעהרונג אליין פאר זיך איז אויך שוין א נייע שעפונג, דאס הייסט עס ווערד אין דעם לעבעדיגען בעשעפעניש נייע טיילען, וועהרענד די אלטע ווערען אבגענוצט און געהען לאבוד; טאג טעגליך פערלירען מיר האר, הויט־טיילען און דערגלייכען, און טאג טעגליך בעשאפען זיך אין אונזערען קערפער נייע האר, נייע הויט־טיילען א. ז. וו. אזויערנאך האבען מיר א טעגליכע נייע־ערשעפונג אין דעם קערפער זעלבסט; איין נאגעל פאלט אוועק און א נייער נאגעל פערטרעט זיין שטעלע: דאס איז א פארטפלאנצונג פון איינציגע גלידער, און אויף דעם זעלבען אופן איז די פארטפלאנצונג פון גאנצע ברואים.

צו דערהאלטען די פארטפלאנצונג פון די איינציגע גלידער, דאס הייסט זיך ערנעהרען, דיענט די אייגען־ליבע, און צו דערהאלטען די פארטפלאנצונג פונ'ם גאנצען געשלעכט דיענט די געגענזייטיגע ליבע צווישען צוויי פערזאנען פון געגענגעשלעכטער.

אז די ליבע צווישען צוויי פערזאנען פון געגענגעשלעכטער איז ניט מעהר ווי א פארמאסקירטער אינסטינקט, א לעבענס־ווילען צו דער פארטזעצונג פונ'ם גאנצען געשלעכט, — זאגט שאפענהויער — קאן מען זיך אם בעסטען איבערצייגען ווען מען בעטראכטעט גענוי די איינצעלהייטען פון די מאטיוען צו דעם פערליבען.

דרייערליי מאטיוען זענען דא ביי דער ליבע: 1) אזעלכע וואס דיענען צו דערהאלטען דעם פיזישען, דעם קערפערליכען טיפ אין דעם נייעם דור; 2) אזעלכע וואס דיענען צו דערהאלטען די גייסטיגע אייגענשאפטען און 3) אזעלכע וואס זייער צוועק איז אויסצובעסערען די פעהלער פון ביידע עלטערן.

מיר וועלען בעאבאכטען יעדע איינציגע פון די דריי סארטען בעזונדער.

אלם הויפטזעכליכע בעדינגונג צו ליבע דיענט די עלטער פון דער געליבטער פערזאן. א פרוי קאן געליבט ווערען ביי א מאנס־פערזאן פון דער צייט אן וואס ביי איהר האט אנגעפאנגען די מאנאטליכע רעגולא ביז ווען זי הערט אויף צו האבען איהר צייט.

בעזונדערס אבער קאן זי געפעלען אין דער עלטער פון 18 ביז 22 יאהר. פריהער און נאך דער צייט פון דער רעגולא, דאס הייסט אין די קינדעריאהרען און אויף דער עלטער, האט קיין פרוי, מעג זי זיין ווי שען, ניט די אנציהונגס־קראפט, דעם רייץ, דעם חן ביי א מאנספערזאן, ער זאל זיך אין איהר פערליבען.

(ענדע קומט).

מיכל וועבער.

---

אין „ליטעראטור און לעבען" איז לעבעדיג גענומען געווארען פון א פעלעטאן מיט'ן נאמען „בראש האומות" און איין אונטערשריפט ־.־ (דריי שטערן), וואס איז געדרוקט געוועזען מיט עטליכע יאהר צוריק אין „הצפירה".

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S. L Deutscher Podgorze b-Krakau

## הוצאות חדשות של „תושיה“.

1) **אלפא ביתא מצוירת בצבעים** (עפ"י השטה הטבעית) עם 24 ציורים יפים ואותיות הכתיבה.

בצד כל אות יש ציור יפה בצבעים, הנקרא בשם המתחיל באות זו ושם הציור מתחת. נדפסת על טבלה גדולה, להדביק אל הקיר בבה"ס.

מחירה 20 קאפ', ע"פ 22 קאפ'.

מדבקת על ניר עב — מחירה 30 קאפ', ע"פ 36 קאפ'.

2) **אלפא ביתא מצוירת בצבעים** (כנ"ל) **מטולטלת**, ערוכה בקוביות.

כל אות עם ציורה מרכבים מחלקים קטנים מדבקים על גזרי ניר עב קטנים (קוביות), שעל הילדים לחבר אותם בעצמם, בכדי שתצא האות הדרושה עם הציור השייך לה — ערוכה בתבת־ניר יפה — ובתוכה לוחות לדוגמא ערוכות לזה. נועדה ללמוד ולשעשועים בבית ובבית־הספר.

מחירה 75 קאפ', ע"פ 85 קאפ'.

3) **אלפא ביתא מטולטלת**, ערוכה **בקוביות**.

אותיותיה מדבקות על גזרי עץ קטנים מרבעים (קוביות) מכל שש עבריהם ומכילה בארבעים ושמונת קוביותיה הרבה אלפא־ביתות עם נקודות מיוחדות, להרכיב מהן מלות ומאמרים — ערוכה **בתבת ניר**. נועדה ללמוד ולשעשועים בבית ובבית־ספר.

מחירה 50 קאפ', ע"פ 80 קאפ'.

4) **אלפא ביתא מצוירת בצבעים** (ע"פ השטה הטבעית), עם 82 ציורים יפים.

האותיות גדולות מאד, נדפסות בצבעים שונים ובתוך כל אות באים ציורים בצבעים מתאימים להם, הנקראים בשמות המתחילים באות זו, ומתחת לכל אות שמות הציורים שבתוכה, — נדפסת על טבלא גדולה להדביק אל הקיר בבה"ס.

מחירה 25 קאפ', ע"פ 30 קאפ'.

מדבקת על ניר עב — מחירה 35 קאפ', ע"פ 43 קאפ'.

5) **אלפא ביתא מצוירת בצבעים** (כנ"ל) במחברת קטנה נאה, שבכל עמוד אות אחת עם ציורה ושמות הציורים מתחת האות, והעלים מדבקים עם ניר עב.

מכורכת במעטפה צוירית (בצבעים) יפה, מדבקת על ניר עב, נועדה ללמוד ולשעשועים בבית ובבית־הספר.

מחירה 50 קאפ', ע"פ 60 קאפ'.

6) **אלפא ביתא מצוירת בצבעים** (כנ"ל) **מטולטלת** ערוכה **בקוביות**.

האותיות עם ציוריהן מדבקים עם קוביות של ניר־עב גדולות ויפות מכל ששת עבריהן, ערוכה בתבת ניר גדולה ויפה עם ציור נאה בצבעים ממעל. נועדה ללמוד ולשעשועים בבית ובבית־הספר.

מחירה 1 רובל, ע"פ 1.20 רובל.

Издат. „Тушія“, Варшава.—Verlag „Tuschijah“, Warschau.



## שיין פיין שרייבען!

**יודיש אונד רוססיש** קאן זיך יעדער גרינג אויסלערנען פון די נייע יודישע אונד רוססישע קאליגראפישע מעטאדעס פון דעם בעריהמטען קאליגראף „**שחור**“.

יעדעס קינד וועלבעס האט נאך ניכט געלערענט שרייבען וועט פון דיזע מעטאדעס אוים לערנען זיך פאלקאם פיין שרייבען מיט זייער א פיינע האנדשריפט, יעדער וואס האט א שלעכטע האנד־שריפט קאן דורך דער מעטאדע אין א קורצע צייט א שיינע האנד־שריפט בעקומען. אויף יעדער העפט געפינט זיך א בילד פון די גרעסטע יודישע שרייבער.

די יודישע מעטאדע ענטהאלט 6 העפטען, די רוססישע 5 העפטען. פרייז פיר יעדעס העפט 10 קאפ', מיט פארטא צוזאמען אלע 11 העפטען נור **1** רו"ב.

**אפרעמיע!** די וואס קויפען די יודישע אונד רוססישע מעטאדעס פיר 1 רו"ב גיט זיך צו אלס פרעמיע איין מעהאנישע העגטיל אונד איין קאליגראפישע פעדער **אומזאנסט**.

בוכהענדלער אונד פאפיער געשעפטען אויך לעהרער וואס קויפען ניכט וויינינגער וויא 100 העפטען בעקומען ראבאט.

אדרעססע: יעקב הכהן גינזבורג. 158 3—2

**Книгопродавцу Я. М. Гинцбургу, г. Бобруйскъ, Мин. Губ.**

## הויז דרוקעריייא



יעדערמאן איזט אים שטאנדע מיט מיינער טיפען־דרוקערייא גארניטורען וועלכע זינד פעראנ־דען אין רוססישע, פראנצעזישע אונד העברייאישע בוכשטאבען, יעלבסט דרוקען אללעס וואס ער האבען וויל.

| | | | |
|---|---|---|---|
| גארניטור נו' 0 מיט 90 טיפען | 1. ר"ז | גארניטור נו' 3 מיט 480 טיפען | 4.75 ר"ז |
| „ 1 „ 160 „ | 2. „ | „ 4 „ 700 „ | 6.00 „ |
| „ 2 „ 290 „ | 3.50 „ | „ 4a „ 1000 „ | 10.— „ |

צו בעציהען אויס דיא שטעמפעל־אונד טיפען־פאבריקען

**И. А. ЛЕВИНСОНЪ**, Одесса, Канатная 122. — **J. LEWINSON**, WIEN, I. Adlergasse 12.

פרייזקוראנטע ווערדען פערזענדעט נאך ערהאלט איינער פאסטמארקע 7 קאפ.

(136) **אגענטען ווערדען איבעראל געזוכט.** 10—6

יצאו לאור זה עתה

מאת **מיכה יוסף ברדיטשבסקי**

ב„הוצאת צעירים“ ספר

**דין ודברים** (עשרה מאמרות)

א) „חקוי או דמאות“, ב) שני כתובים ג) במחנה השנית, ד) שפוט השופטים ה) מבית ומחוץ, ו) ההורים, ז) חקירות, ח) שאלות, ט) לשאלת התרבות, י) לשאלת העבר.

מחירו עם המשלוח חצי רו"כ.

בהוצאת „תושיה“ קובץ

**מאמרות** (עניני מחקר)

א) מלחמת עולם, ב) ברי ושמא, ג) רשיות, ד) שיודע לשאול, ה) חרבנו של עולם, ו) מקומו של עולם, ז) האדם והמקל, ח) די פרצופים, ט) הכרעה, י) נצוצות, יא) תפלה שבלב, יב) אל תרגזו, יג) המלה האחת, יד) העצבות טו) הנרות הללו.

מחירו בלי משלוח ארבעים קאפ.

160 **להשיג שניהם בהוצאת „תושיה“ ווארשא.** 5—2

### פערלאג „פאלקסבילדונג“.

# ציוניסטישע ביבליאטהעק.

ב.

## די מינסקער ציוניסטישע אסיפה.

**פרייז 10 קאפ. מיט פארטא 12 קאפ.**

ציוניסטישע אגודות בעקומען ראבאט.

Книгоиздательство **„Тушія“ Варшава.**


С. Б. Ланде, Варшава, Бонифратерская 27, S. B. Lande, Warschau, Bonifratengasse 27.